**געווידמעט דעם אָנדענק פון מיינע עלטערן**

ר׳ חיים בן יוסף און מינע פייגע בת ישעיהו

**עליהם השלום**

# אינהאַלט

# די קראַפט פון שופר

„**אשרי העם יודעי תרועה**"... גליקלעך איז דאָס פאָלק, וואָס פאַרשטייט דעם געדאַנק, דעם טעם פון שופר בלאָזן. דער וויכטיקסטער טייל פון די תפילות פון ראש השנה איז דאָס בלאָזן פון שופר — די תקיעות. אַט דער אַלטער טראַדיציאָנעלער יידישער אינסטרומענט האָט אונדז באַגלייט במשך 4 טויזנט יאָר אויף דעם לאַנגן וועג פון אונדזער היסטאָרישן לעבן — אין אונדזער אייגענעם לאַנד און אין די פאַרשידענע גלותן, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט. אין אַ צייט פון שמחה אָדער, חס ושלום, צער, אין ליידן און אין פריידן האָט דער **שופר** אונדז באַגלייט. אין אַ שמחה, ביי אַ גליקלעכער געלעגנהייט, האָט אונדז דער שופר דערמוטיקט מיט זיינע **תקיעות**; אין אַ שלעכטער צייט האָט ער מיט זיין **שברים** אונדזער האַרץ צעבראָכן, און מיט זיין **תרועה** — אַ קרעכץ און אַ זיפץ אַרויסגעריסן, און אויף אַזאַ אופן פאַרגרינגערט אַ ביסל אונדזערע יסורים...

אין דער גאַנצער יידישער געשיכטע האָט דער שופר געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע. אין מדבר, אויפן וועג פון מצרים צו ארץ־ישראל, האָט דער שופר געגעבן זיינע סיגנאַלן צום מאַרשירן, באַוועגן זיך, אָדער צום רוען. אין אַ מלחמה־צייט, ווען מען האָט געוואָלט אָנוואַרפן אַ שרעק אויף דעם שונא, האָט מען געבלאָזן מיט שופרות. אין דעם הייליקסטן מאָמענט פון אונדזער געשיכטע, ביי **מתן תורה** נעבן באַרג סיני, האָט דער שופר געדונערט מיט זיינע שטאַרקע קולות: „**ויהי קול השופר הלוך וחזק**" אַזוי, אַז

אַלע יידן זענען פּאַרציטערט געוואָרן: **„ויחרד כל העם אשר במחנה"**.

אין ירושלים ווערט נאָך איצט באַנוצט דער שופר פאַר פיל אַנגעלעגנהייטן: ביים אָנזאָגן, אַז **שבת** איז געקומען און מען דאַרף שליסן די געשעפטן; צו דערקלערן אַ **תענית ציבור** אין אַ שנת בצורת, ווען עס פעלט רעגן; ביים רופן צו **הלווית המת** און אין פיל אַנדערע געלעגנהייטן. ווען עס וועט קומען די געהאָפטע, גליקלעכע צייט, ווען אַלע אונ־דזערע געפּלאָגטע ברידער און שוועסטער וועלן זיך צונויפ־זאַמלען פון אַלע ווינקעלעך פון דער ערד אין אונדזער אַלטער היים ארץ־ישראל — וועט אויך דאַן געהערט ווערן דער שופר: **„והיה ביום ההוא יתקע בשופר גדול ובאו האובדים בארץ אשור והנדחים בארץ מצרים"**...

אַלס מוזיקאַלישער אינסטרומענט איז דער שופר ניט אַזוי שיין אין זיין צורה און זיינע קולות זענען ניט איבעריק אָנגענעם צום אויער, אָבער ראש השנה מיט זיינע קולות דערמאָנט ער אונדז אין אַ זייער וויכטיקער שליחות: **„עורו ישנים"**, שטייט אויף, שלאָפנדיקע מענטשן, און באַטראַכט אייער מצב, אייער לאַגע אין דער וועלט! מאַכט אַ **חשבון הנפש**, באַטראַכט אייערע פעלערן, וואָס איר האָט געמאַכט אין פאַריקן יאָר!... איך געדענק, ווען איך האָב געלערנט אין חדר, פלעגן די תלמידים פרעגן אַ רעטעניש: **„ווער איז אָט דער קליינער חזנדל, וואָס איז דאַר, געל און איינגעהויי־קערט — אָבער ווען ער עפנט זיין מויל בלייבן אַלע שטיל און דערשראָקן?"**... דער ענטפער איז געווען: **דער שופר!**...

דער קליינער דאַרער שופר האָט אַ געוואַלדיקן כוח, ער ציט מיליאָנען יידן אין די שולן; ער ציט אַפילו צו אַזעלכע יידן, וואָס אַ גאַנץ יאָר זענען זיי ווייט פון אַ שול, פון אַ בית־מדרש. צו **תקיעות** אָבער קומען אַלע, יונג און אַלט, פרומע און פרייע, עלטערן און קינדער — **אַפילו** קראַנקע

פאַרלאָזן זייערע בעטן און גייען הערן **שופר בלאָזן**. פרעגט זיך: אין וואָס ליגט דער **כּוח** פון שופר?

דער שופר דערמאָנט אונדז, ערשטנס, דעם האָרן פון פּאַסטעך, מיט וועלכן ער רופט צונויף די שעפּסן, ווען עס קומט די צייט צו גיין אַהיים. די שעפּסן האָבן אַ געוווינהייט אַוועקצוואַנדערן; איבער בערג און טאָלן בלאָנדזשען די שעפּסעלעך, אין פאַרלויף פון טאָג, גאַנץ ווייט פון זייער פּאַסטעך, פון זייער פירער. ווען די זון האַלט ביים אונטער־גיין, דערהערט זיך דער לאַנגער הילכיקער רוף פון פּאַסטעך און אַלע שעפּסעלעך, פון נאָענט און ווייט, נעמען זיך ציען צו זייער פירער... זיי רינגלען אים אַרום און זענען גרייט צו גיין מיט אים, וווהין ער וועט זיי פירן.

דאָס יידישע פאָלק האָט אויך די זעלבע נאַטור, די זעלבע געוווינהייט — אַוועקצוגיין ווייט פון זיין פּאַסטעך... אונדזערע נביאים האָבן באַצייכנט יידן מיט די ווערטער: **„שה פזורה ישראל"**. דאָס יידישע פאָלק איז געגליכן צו אַ שעפּס. אַ גאַנץ יאָר זענען פיל יידן דערוווייטערט פון אַ שול, פון אַ בית־מדרש; אַ גאַנץ יאָר זענען זיי אַזוי פאַרהאַוועט, אַז זיי פאַרגעסן און פאַרנאַכלעסיקן דעם חנוך הבנים, די יידישע דערציאונג פון זייערע קינדער... עס קומט אָבער ראש השנה, דער שופר גיט אַ בלאָז — דעמאָלט גיט אַ ציטער דאָס יידישע האַרץ, און עס נעמט ציען אין שול אַריין, אין בית־מדרש אַריין. **„כּאיל תערוג על אפיקי מים, כן תערוג אליך נפשי, אלוקים"**...

דער שופר סימבאָליזירט אויך דעם קול פון אַ טראָמפּייט אין אַ שלאַכט־פעלד, וועלכע פאָדערט אויף די קעמפנדיקע אַרמייען אַוועקצולייגן די וואָפן און ענדיקן די בלוט־פאַר־גיסונג.

אונדזער וועלט איז געגליכן צו אַ שלאַכט־פעלד. מענטשן ראַנגלען זיך איינער מיט דעם צווייטן אין אַ פאַרביטערטן

קאַמף פאַר רייכקייט, כבוד, מאַכט, פאַר פירערשאַפט — מאַנכעס מאָל אויך פאַר פרנסה. אַ ברודער הייבט אַ האַנט קעגן אַ ברודער, און קינדער קעגן עלטערן... מען קוקט ניט אויף מאָראַל, אויף יושר, אויף גערעכטיקייט. ווען עס קומט אָבער ראש השנה און עס דערהערט זיך דער קול פון שופר, — שטעלן יידן אַלץ אַוועק אין אַ זייט און ציען זיך ווי אַ שטראָם צו די שולן, אין די בתי־מדרשים.

ווייטער קומט דער שופר דערמאָנען די עקדה פון אונ־דזער פאָטער יצחק. דער שופר ווערט געמאַכט פון די הער־נער פון אַיִל, פון אַ באַראַן, — און דאָס דערמאָנט די גע־שיכטע פון דער עקדה, ווען אברהם אבינו איז געווען גרייט מקריב צו זיין זיין איינציקן זון יצחק אויף קידוש השם. די עקדה פאַרנעמט אין אונדזערע ראש השנה־תפילות אַ זייער וויכטיקן פלאַץ. די עקדה דערמאָנט די טויזנטער קרבנות, וואָס אונדזער פאָלק האָט געבראַכט אין די ימי הביניים, אין מיטלאַלטער. אין דעם זכות פון דער עקדה בעטן מיר השם יתברך זאָל אונדז שענקען אַ גוט יאָר, אַפילו ווען מיר אַליין זענען עס נישט ווערט.

און נאָך דערמאָנט אונדז דער שופר: דעם הערלעכסטן מאָמענט אין אונדזער געשיכטע — דעם מעמד הר סיני... ביי מתן תורה האָט דער שופר געדונערט, און דאָס גאַנצע פאָלק איז פאַרציטערט געוואָרן... דער שופר שרייט צו אונדז: פאַרגעסט ניט, יידן, די תורה, וואָס האָט אייך געגעבן מוט, קראַפט און אויסדויער בייצושטיין די אַטאַקעס פון פיל פעלקער. פאַרגעסט ניט די תורה, וואָס איז געווען אייער שוץ און וואָפן קעגן אַ וועלט פון שונאים, וואָס האָבן אייך געוואָלט פאַרניכטן...

דער שופר שאַלט: פאַרנאַכלעסיקט ניט די יידישע דערציאונג פון אייערע קינדער, פאַרפרעמדט זיי ניט פון אונדזער פאָלק, שיקט זיי יונגערהייט אין אַ גוטער תלמוד־

תורה, ווארט ניט ביז ערב בר־מצווה. אַ קולטור פון 4000 יאָר קען מען ניט אויסלערנען אויף איין פוס, אין עטלעכע מאָנאַטן צייט. ביי אברהם מיט יצחק שטייט געשריבן „וילכו שניהם יחדיו", טאַטע און זון זענען געגאַנגען צוזאַמען, מיט איין געדאַנק, מיט איין שטרעבונג — עס איז צווישן זיי ניט געווען דער תהום, וואָס עקזיסטירט, צום באַדויערן, איצט צווישן פיל עלטערן און זייערע קינדער... וילכו שניהם יחדיו!... לערנט אייערע קינדער תורה, וועט ביי אייך אויך זיין די זעלבע נאָענטקייט צווישן אייך און אייערע קינדער, ווי עס איז געווען צווישן אברהם און יצחק. די קינדער וועלן זיין אייערע, און ניט אָפּגעפרעמדטע פון אייך.

און אַז מיר וועלן פאַרשטיין דעם רוף פון שופר, אַז מיר וועלן טאַקע זיין „יודעי תרועה" און וועלן באַנעמען, אַז דער שופר לערנט אונדז די מידות פון אחדות, מסירות־נפש און אהבת־התורה, — וועלן מיר זוכה זיין צו הערן דעם שופר של משיח, און אַלע אונדזערע פאַריאָגטע און געפּלאָגטע ברידער וועלן זיך צונויפזאַמלען פון ארבע כנפות הארץ, פון אַלע ווינקעלעך פון דער ערד, און קומען צוריק צו אונדזער אַלטער היים, אין הייליקן לאַנד ארץ־ישראל. „והיה ביום ההוא יתקע בשופר גדול ובאו האובדים בארץ אשור והנדחים בארץ מצרים"... דער קליינטשיקער שטענדל, וואָס האָט זיך לעצטנס באַוויזן אויף אנדזער טונקעלן הימל, וועט ווערן אַ גרויסע ליכטיקע זון, וואָס וועט צעוואַרעמען אונדזערע צעבראָכענע הערצער און באַלייכטן אַלע ווינקעלעך פון אנדזער לעבן.

# ראש השנה

ווידער איז אוועק אַ יאָר אין דער אייביקייט! ווידער באַגעגענען מיר אַ גאַסט, אויף וועלכן מיר האָבן געוואַרט אַ גאַנץ יאָר! דאָס יאָר **תשכ"ו איז דאָ!** אָבער פאַר וואָס הערט זיך עפּעס אַ שטיל געוויין, אַ האַרץ־ברעכנדיקער קרעכץ פון דער ווייבער־שול? עס איז דאָך געקומען צו אונדז אַ גרויסער גאַסט, אַ ניי יאָר — וואָס איז פאַר אַ זיפצן מיט אַ מאָל?...

מערקווירדיק, ווי גרויס עס איז דער אונטערשייד צווישן אונדז, יידן, און אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט... אַלע פעלקער פייערן אויך זייער ראש השנה, זייער ניי יאָר — אָבער זיי קלאָגן ניט, זיי זיפצן ניט, זיי פאַרגיסן ניט קיין טרערן... אַנשטאָט טרערן גיסן זיי שאַמפּאַניער פולע גלעזער; אַלע פעלקער באַגעגענען זייער ראש השנה מיט מוזיק, מיט טענץ, די שמחה איז גרויס, מען איז מקבל פּנים אַ גרויסן גאַסט!...

פרעגט זיך, פאַרוואָס באַגעגענען מיר, יידן, אונדזער ראש השנה מיט טרערן, מיט זיפצן? פאַרוואָס איז עס ביי אונדז גאָר דער אָנפאַנג פון **ימים נוראים,** פון פאַרכטיקע טעג?...

דער תירוץ איז אַ גאַנץ פּשוטער... ביי די אומות העולם איז דער ערשטער טאָג אין יאָר נאָר אַ ראש השנה — אַ טאָג פון פרייד, פון האָפענונג אויף אַ בעסער יאָר. ביי אונדז, יידן, איז דער ערשטער טאָג אין יאָר הויפּטזעכלעך אַ **יום הזכרון,** אַ טאָג פון דערינערונג, פון דערמאָנונג. מיר, יידן, באַגעגענען ניט דאָס נייע יאָר, מיר מאַכן ניט פאַר אים קיין **קבלת פּנים,** — מיר מאַכן גאָר אַ **הספּד** נאָכן אַלטן יאָר...

מיר פאַנגען אָן אנדזערע ברכות צום נייעם יאָר מיט די ווערטער „תכלה שנה וקללותיה", זאָל זיך ענדיקן דאָס אַלטע יאָר מיט זיינע צרות, וואָס ער האָט געבראַכט אויף אונדזער פאָלק ישראל, וואָס איז צעזייט און צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

יעדעס יאָר לאָזט איבער נאָך זיך אַ טייך פון יידיש בלוט און טרערן; יעדעס יאָר לאָזט איבער נאָך זיך אַ ים פון רדיפות, פון גרושים, דערנידערונגען און באַליידיקונגען... אורטיילנדיק די שלעכטע מעשים פון פאַריקן יאָר, שרעקן מיר זיך פאַר דעם קומענדיקן יאָר — ווער ווייס, וואָס דאָס נייע יאָר קען אונדז ברענגען... דער חודש תשרי געפינט זיך אין מזל **מאזנים**... אַ וואָגשאָל איז דער סימבאָל פון דעם מאָנאַט, און מיר ווייסן ניט, וועלכע שאָל וועט אַריבערוועגן...

„**קול שוועת בת עמי מארץ מרחקים**"... דאָס געשריי פון אונדזער פאָלק ישראל קומט פון די ווייטסטע ווינקעלעך פון ערד־קיילעך. מיר זענען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט שונאים. מען האָט אונדז אומעטום פיינט, ווייל מיר זענען דער **בעל תוקע** פון דער וועלט, מיר זענען דער **שופר־בלאָזער** פון דער גאַנצער מענטשהייט, מיר וועקן אַלעמען, מיר לאָזן זיי ניט רוען, מיר לאָזן זיי ניט ווילדעווען און טאָן אַלץ, וואָס זייער האַרץ גלוסט... מיר לערנען זיי די עשרת הדברות: **לא תרצח, לא תגנוב, צדק צדק תרדוף**, מיר לערנען די וועלט יושר, גערעכטיקייט — און אונדזער תורה איז זיי ווי אַ ביין אין האַלדז פון וועלכן זיי וואָלטן וועלן פּטור ווערן און צוריקקערן צו געצנדינסט...

אין אונדזער שווער לעבן איז זייער וויכטיק, אַז מיר זאָלן זיין פאַראייניקט צווישן זיך און ניט טיילן זיך אין פאַרשידענע קלייזלעך און פאַרטייען, וואָס רייסן זיך איינע מיט דער אַנדערער... דער דין איז, אַז אויב מען בלאָזט מיט עטלעכע שופרות מיט אַ מאָל איז מען ניט יוצא; עס איז וויכטיק,

אז נאָר איין שופר זאָל בלאָזן... ווי באַוווּסט, בענטשט דער בעל תוקע די ברכה לשמוע קול שופר, און ניט לתקוע, ווייל בלאָזער האָבן מיר אַ סך, אָבער הערערס זייער ווייניק... ביי אונדז וויל יעדער זיין אַ תוקע, אָבער ניט קיין שומע... ביי אונדז פעלט נאַציאָנאַלער דיסציפּלין, יעדער טוט וואָס ער וויל, מען פאָלגט ניט קיין אויטאָריטעט, ווי גרויס ער זאָל ניט זיין...

אין דער היינטיקער תקופה איז זייער וויכטיק, אַז אונדזערע קינדער זאָלן ניט פאַרפרעמדט ווערן פון אונדז. אין אַ צייט פון מלחמה ווערט דער, וואָס אַנטלויפט פון שלאַכטפעלד פאַררעכנט פאַר אַ בוגד און באַקומט די גרעס־טע שטראָף. מיר מוזן זען, אַז אונדזערע קינדער זאָלן דער־צויגן ווערן אין יידישן גייסט, אַז זיי זאָלן זיין באַזאָרגט מיט גייסטיקן וואָפן, וואָס איז נייטיק צו קענען זיך באַשיצן קעגן אַ וועלט מיט שונאים...

מיר האָבן היינט געלייענט אין דער הפטורה וועגן חנה, די מוטער פון שמואל הנביא. די באַרימטע מוטער, ניט קוקנדיק אויף איר גרויסער ליבע צו דעם לאַנג דערוואַרטן קינד, האָט זי פון דעסטוועגן אַוועקגעשיקט עס יונגערהייט צו עלי הכוהן, אין דעם באַרימטן קאָלעדזש פון שילה, כדי ער זאָל אַריינזאַפּן אין זיך, יונגערהייט, דעם יידישן גייסט. חנה האָט געשטרעבט צו דערציען אַ קעמפער פאַר יידן, אַ באַשיצער פון זיין פאָלק.

צום באַדויערן, פאַרנאַכלעסיקן אונדזערע עלטערן אָט דעם זייער וויכטיקן ענין פון חינוך. אונדזערע קינדער האָדע־ווען זיך אין פרעמדע גערטנער, — זייער אייגענעם גאָרטן היטן זיי ניט. דער דין איז, אַז אויב מען לייגט אַריין אַ שופר אין אַ שופר, איז אויב דער קול פון אינעווייניקסטן שופר הערט זיך, איז מען יוצא מיט די תקיעות. אויב אָבער עס הערט זיך דער קול פון דעם אויסערדיקן שופר, איז מען ניט

יוצא מיט די תקיעות — עס מוז זיין אַ קול פּנימי, אַן אינע־ווייניקסטע, ניט קיין אויסנווייניקסטע שטימע.

צום באַדויערן, הערט זיך ביי אונדזערע קינדער דער קול חיצון... אַ פרעמדע שטימע... אַלע חכמות לערנט מען זיי, אָבער נישט די יידישע תורה; אַלע ביכער לייענען זיי, אָבער ניט דעם **תנ"ך**, דעם **ספר הספרים**, וואָס איז איבער־געזעצט אין הונדערטער שפּראַכן, און איז נאָך היינט דער **בעסט־סעלער**, וואָס ווערט געשטודירט אין פיל קאָלעדזשעס און אוניווערסיטעטן. זאָל די מוטער פון שמואל הנביא דינען אונדזערע עלטערן אַלס ביישפּיל ווי אַזוי צו דערציען זייערע קינדער אין יידישן גייסט ווען זיי זענען נאָך יונג און בויג־זאַם, און נימ וואַרטן ביז ערב בר־מצווה, ווען דאָס קינד האָט שוין זיין אויסגעפורעמטע האַלב פרעמדע פערזענלעכ־קייט.

אויב מיר ווען מחנך זיין אונדזערע קינדער אין דעם יידישן גייסט און מיר וועלן מקיים זיין דעם **משה ידבר** — ווען יעדעס קינד וועט לערנען תורת משה, וועט אויך מקוים ווערן די אַנדערע העלפט פון פסוק **„והאלוקים יעננו בקול"**, — דער אויבערשטער וועט צוהערן אונדזערע תפילות פון **זכרנו לחיים** און **כתבנו בספר החיים** און ער וועט אונדז געבן אַ לעבן, וואָס **מלך חפץ בחיים**, וואָס אויך אַ קעניג וועט גלייכן — אַ קעניגלעך לעבן. עס וועט מקוים ווערן די טראַ־דיציאָנעלע ברכה **„תחל שנה וברכותיה"**, אַז דאָס קומענדיקע יאָר וועט זיין אַ שנת גאולה לעמנו, אַ גליקלעך יאָר פאַר אַלע אונדזערע ברידער איבער דער גאַנצער וועלט.

# יום כפור

מיר האָבן היינט געלייענט אין דער תורה וועגן דעם טויט פון נדב ואביהוא, די קינדער פון אהרון הכוהן. די חכמים זאָגן, אַז דער וואָס פאַרגיסט טרערן בשעת מען לייענט די פרשה וועגן דעם טויט פון די בני אהרון וועט זוכה זיין, אַז זיינע קינדער וועלן ניט שטאַרבן, חלילה, ביי זיין לעבן. דער פאַקט, וואָס אום יום-כפור, אין דעם הייליקסטן טאָג אין יאָר, לייענט מען די פרשה וועגן דעם טויט פון די בני אהרון איז מערקווירדיק. מיר האָבן אין אונדזער געשיכטע פיל וויכטיקערע פערזאָנען ווי נדב ואביהוא, למשל: משה, אהרון און פיל אַנדערע, און וועגן זייער טויט ווערט ניט דערמאָנט אום יום כפור, אָט דער פאַקט ווייזט, אַז די היינטיקע קריאת התורה וועגן מיתת בני אהרון האָט אַ טיפערע כוונה, אַ סימבאָלישן געדאַנק:

די חז״ל באַצייכענען דעם טויט פון אהרון׳ס צוויי קינדער אַלס „שרפת נשמה וגוף קיים״, דער קערפּער האָט געלעבט, נאָר די נשמה איז פאַרברענט געוואָרן אין אַן אש זרה, אין אַ פרעמד פייער, אין אַ פרעמדער קולטור, וואָס האָט זיי דערווייטערט פון מקור, פון זייער שטאַם, אָפּגעשטאָרבן דער יידישער גייסט פון אהרון׳ס קינדער — שרפת נשמה... דער דאָזיקער צושטאַנד פון שרפת נשמה איז דער אַנגעווייטיקסטער פונקט אין אונדזער יידישן לעבן דאָ אין אַמעריקע; דאָס איז די טראַגעדיע אין אונדזער חינוך הבנים פּראָבלעם. עלטערן זענען זיך מוסר נפש פאַר דעם קערפּערלעכן וווילזיין פון זייערע קינדער, אָבער זיי פאַרנאַכלעסיקן זייער גייסט, זייער נשמה. מען ברענגט די גרעסטע קרבנות צו מאַכן די קינדער פאַר גרויסע מענטשן,

אָבער זייער ווייניק ווערט געטאָן זיי צו מאַכן פאַר שטאָלצע יידן. אַלע כוחות ווערן קאָנצענטרירט אויף דעם גוף, פאַר דער מאַטעריעלער קאַריערע, אָבער כמעט גאָרניט פאַר דער נשמה-קאַריערע. דער רעזולטאַט איז דעריבער — שרפת נשמה וגוף קיים — יידישע קינדער ווייסן גאָרניט וועגן יידישקייט. אונדזערע אַרמיי-רבנים דערציילן, אַז פיל סאָל-דאַטן פלעגן ניט קומען צו די תפלות אין דער אַרמיי, אַפילו ניט צו די סדרים פון פסח, ווייל זיי האָבן זיך געשעמט מיט זייער אומוויסנהייט. זיי האָבן באַשולדיקט די עלטערן, וואָס האָבן זיי ניט געגעבן קיין יידישע דערציאונג, קיין יידיש וויסן.

**גפן ממצרים תסיע** — זאָגט דער מדרש, אַז דאָס יידישע פאָלק איז געגליכן צו אַ גפן, צו אַ ווייַנשטאָק. דער גפן פּראָדוצירט די בעסטע פרוכט, דעם בעסטן וויין, וואָס איז משמח אלוקים ואנשים. דער גפן אַליין, אָבער, איז דער שוואַכסטער צווישן דיביימער. און מען מוז אים אונטער-שפּאַרן מיט שטעקעלעך... דאָס יידישע פאָלק איז אַזוי ווי דער גפן. מיר זענען דאָס שוואַכסטע פאָלק אויף דער וועלט, אונדזער גאַנצער כוח, אונדזער גייסטיקע שטאַרקייט, ציען מיר פון אונדזער אָנשפּאַר אויף דער תורה, וואָס איז געשריבן **בקנה**, מיט אַ דין שטעקעלע, מיט אַ דינע פעדער, — די פרוכט אונדזערע איז דאָן די בעסטע, פאַר גאָט און מענטש — בין אדם למקום און בין אדם לחברו... און אַזוי ווי דער גפן, וואָס שפּאַרט זיך אָן אויף עצים יבשים, אויף טרוקענע שטעקנס, אַזוי שפּאַרן מיר זיך אָן אויף דעם זכות פון אבות, פון אונדזערע עלטערן, אַפילו ווען זיי לעבן שוין ניט מער... דאָס איז דער נאָרמאַלער וועג אין לעבן: עלטערן זענען די משפּיעים אויף די קינדער, סיי ביים לעבן און סיי נאָך זייער טויט.

הייַנט איז אָבער אַן עולם הפוך, אַ פאַרקערטע וועלט.

די קינדער זענען די משפיעים אויף זייערע עלטערן. ניט האָבנדיק קיין יידישע דערציאונג, ווערן זיי דערווייטערט פון זייערע עלטערן, נעמען ניט אָן קיין השפעה פון זיי, און באַמיען זיך נאָך משפיע צו זיין אויף זיי, דערקלערנדיק זיי פאַר גרינהאָרנס, וואָס ווייסן גאָרניט ווי צו לעבן אויף דער וועלט.

מיר, יידן, האָבן דריי פאַרשידענע נעמען פאַר א סע־מעטרי, ווו עס רוען די ביינער פון אונדזערע ליבסטע און טייערסטע. מיר רופן עס: **בית־הקברות, בית־עולם,** און **בית־החיים...** בית־הקברות — א הויז פון קברים. בית־עולם — אַן אייביק הויז; בית־החיים — א הויז פון לעבן. אָט די דריי נעמען אַנטשפּרעכן דריי פאַרשידענע וועלט־אַנשויאונ־גען — דריי באַזונדערע באַציאונגען צום לעבן.

פאַראַן ביי אונדז א קאַטעגאָריע, וואָס האַלט, אַז דער עיקר פון לעבן איז עסן און טרינקען. **אכול ושתה, כי מחר נמות...** נאָך מיר זאָלן זיין א מבול. פאַר אַזעלכע מענטשן איז די סעמעטרי א **בית־הקברות,** א הויז פון קברים, א פּלאַץ פאַר טויטע.

פאַראַן א צווייטע קאַטעגאָריע, פון א העכערער מדרגה, וואָס ווילן לאָזן א זכרון נאָך זיך. זיי ווילן פאַראייביקן זייער אָנדענק מיט שאַפן נוצלעכע אַנשטאַלטן, תלמוד־תורות, בתי־יתומים, מושבי־זקנים א.אַ.וו. פאַר זיי איז די סעמעטרי א **בית־עולם,** א הויז פון אייביקייט.

פאַראַן אויך א דריטע קאַטעגאָריע פון נאָך א העכערער מדרגה. די יידן באַנוגענען זיך ניט בלויז מיט א זכרון וועגן זייערע גוטע מעשים, וואָס זיי האָבן געטאָן ביי זייער לעבן. זיי ווילן פאָרזעצן זייער גייסטיק לעבן אויך נאָך זייער טויט, דעם טויט פון זייערע קערפּער... זיי ווילן, אַז זייערע קינדער זאָלן פאָרזעצן זייער אַרבעט גייענדיק אין די וועגן פון די עלטערן, ממשיך זיי די מסורה פון דער משפּחה. פאַר די

דאָזיקע יידן איז די סעמעטרי אַ **בית־החיים**, אַ הויז פון לעבן — זיי לעבן אין זייערע קינדער, וואָס זעצן פאָר זייער אַרבעט, וואָס האַלטן אָן די מסורה פון די עלטערן.

ביי יצחקן שטייט געשריבן, אַז ער האָט די זעלבע ברונעמער געגראָבן וואָס זיין פאָטער אברהם, און האָט געטרונקען דאָס זעלבע וואַסער... יצחק איז נאָך געגאַנגען דעם זעלבן וועג, וואָס זיין פאָטער אברהם. אַפילו אין אַ צייט פון סכנה, פון מסירות נפש, איז יצחק געווען איינ־פאַרשטאַנען מיט זיין טאַטן — **וילכו שניהם יחדיו**, זון און פאָטער זענען געגאַנגען צוזאַמען מיט איין געדאַנק, מיט איין שטרעבונג. פאַר אַזעלכע עלטערן איז טויט אַ בית־החיים, זיי לעבן אויך נאָך דעם טויט, אין זייערע קינדער. ביי דויד המלך שטייט „**וישכב דויד עם אבותיו**", ניט „**וימת**", ווייל ער האָט איבערגעלאָזן אַ פיינעם זון, **הניח בן כמותו**...

ברידער און שוועסטער! איצט ביי **הזכרת נשמות** קוקן דאָ אויף אייך די גייסטער פון אייערע עלטערן, די נשמות זייערע; צוליב דעם פילט זיך איצט אַן ענגשאַפט אין שול, „דוחקא דצבורא"... עס ווענדט זיך אין אייך, צי דער רו־פּלאַץ פון אייערע עלטערן זאָל זיין אַ **בית־הקברות**, אָדער אַ **בית־החיים**... די מצווה פון כיבוד אב ואם איז אויך אויף נאָך זייער טויט... „**מכבדו בחייו — מכבדו במותו**"... זייט זיי מכבד אויך נאָך זייער טויט, זעט אַז זיי זאָלן ליגן אין אַ **בית־החיים** און ניט אין אַ **בית־הקברות**.

ווי אַזוי קען מען עס טאָן? גאַנץ איינפאַך: שטיצט די תלמוד־תורות, וווּ עס ווערן דערצויגן אונדזערע יונגע קינ־דער אין יידישן גייסט, וווּ זיי לערנען גאָטס תורה. זעט, אַז אַלע קינדער פון שטאָט זאָלן באַקומען אַ יידישע דערציאונג. אַנשטאָט וואַקסענע ליכט פאַר די טויטע עלטערן, צינדט אָן נשמה־ליכט פאַר אונדזערע לעבעדיקע קינדער, כדי עס זאָל זיי נישט פאַרברענען אַן **אש זרה**, אַ פרעמד פייער, אַ פרעמדע

קולטור, כדי עס זאָל מיט זיי ניט פּאַסירן **שרפת נשמה וגוף קיים**, ווי ביי די **בני אהרון**. זשאַלעוועט ניט קיין געלט פאַר חינוך הבנים! אין די תכריכים איז ניטאָ קיין קעשענעס, — מען נעמט גאָרניט מיט זיך...

דער גרעסטער טייל פון אונדזער פאָלק ישראל, דער חשובסטער טייל, איז רואינירט. די גרעסטע ישיבות אין אייראָפּע ליגן חרוב. אונדזערע שולן, די בתי מקדש־מעט, זענען פאַרברענט. אונדזערע חכמים זענען הרוגי מלכות, אָדער שבויים, און קענען גאָרניט טאָן אַפילו זיך צו דער־נערן, דעם גוף צו דערהאַלטן...

**„יונתי בחגווי הסלע"**, דאָס יידישע פאָלק איז געגליכן צו אַ טויב. אַ טויב פליט ניט ווי אַלע פייגל. אַלע פייגל, ווען זיי ווערן פאַרמאַטערט פון פליען, שטעלן זיי זיך אָפּ אויף אַ געוויסע צייט אָפּצורוען. אַ טויב טוט ניט אַזוי — זי בייט די פליגל, ווען איין פליגל ווערט פאַרמאַטערט, פליט זי מיט דעם צווייטן פליגל, זי שטעלט זיך נישט אָפּ רוען. מיר יידן דאַרפן אויך נאָכטאָן די טויב. ווען דער אייראָפּעישער פליגל איז צעבראָכן, דאַרף דער אַמעריקאַנער פליגל פון אונדזער פאָלק איבערנעמען די אַרבעט, מיר מוזן דעמאָלט איבערנעמען די גאַנצע זאָרג פאַר יידישקייט... **„כל מקום שגלו — שכינה גלתה עמהם"**.

אין סליחות זאָגן מיר: **עשה למען תינוקות של בית רבן...** מיר בעטן גאָט, אַז אין זכות פון די קליינע קינדער, וואָס לערנען תורה אין חדר, זאָל אונדז געגעבן ווערן אַ כתיבה וחתימה טובה, אַ גוט און געזונט יאָר. ווייזט־זשע, אַז איר מיינט ערנסט מיט אייערע ווערטער. שטיצט דעם דער־ציאונג־אַנשטאַלט פון אייערע תינוקות של בית רבן, זייט מנדב וויפל איר קענט פאַר דער תלמוד תורה. געדענקט, אַז **תלמוד תורה כנגד כולם**, אַז דאָס לערנען תורה און מחנך זיין די קינדער אין יידישקייט שטייט אויף דער העכסטער

מדרגה פון מצוות. **אם אין גדיים — אין תישים,** אויב אונ־
דזערע קליינע קינדער וועלן וואַקסן ווי ווילד־גראָז אויף אַ
טרוקענעם באָדן, אָן תורה און אָן דרך־ארץ, וועלן אַלע אונ־
דזערע אינסטיטוציעס זיך צעפאַלן ווי אַ קאָרטן־שטיבל. עס
וועט ניט זיין קיין שול־גייער, און קיין שטיצער פאַר אונ־
דזערע יידישע אַנשטאַלטן.

דער צושטאַנד איצט איז אַ טראַגישער. אַמאָל איז
געווען **„דור הולך ודור בא״.** ווען אַן אַלטער דור איז אָפּגע־
שטאָרבן, האָט דער נייער דור פאַרנומען זיין פּלאַץ און
געגאַנגען אין די זעלבע וועגן. היינט, ווען דער שמש גיט
אַ קלאַפּ אין דער בימה פאַר הזכרת נשמות, כדי די וואָס
זענען ניט קיין יתומים זאָלן אַרויסגיין פון שול, — גייט
קיינער ניט אַרויס... ווייל די וואָס דאַרפן ניט זאָגן קיין
**יזכור** קומען גאָרניט אין שול, ניטאָ ווער עס זאָל אַרויסגיין...

יום כפור האָט 4 תפילות: שחרית, מוסף, מנחה, און
נעילה. **יזכור** זאָגט מען נאָך שחרית און דאָס איז סימבאָ־
ליש: יעדער ייד דאַרף יונגערהייט, אין שחרית פון לעבן,
באַזאָרגן זיך מיט אַ גייסטיקן יורש, ער זאָל ניט בלייבן
קינדערלאָז, ערירי, אַ בוים אָן וואָרצלען.

# סוכות

פון אַלע יידישע ימים טובים איז דער יום טוב סוכות דער רייכסטער אין שיינע און טיפּזיניקע מנהגים. די סוכה, די 4 מינים (אתרוג, לולב, הדסים, ערבות) הושענות, שמחת בית השואבה, הקפות און שמחת תורה. די אַלע מנהגים און סימבאָלן דריקן אויס טיפע געדאַנקען. זיי גיבן אונדז איבער אַ וויכטיקע שליחות, אַ וויכטיקן מעסעדזש אין אַ סימבאָלישער שפּראַך.

די סוכה איז אַ סימבאָל פון יידישן פאָלק. די חכמים רופן טאַקע דאָס גאַנצע יידישע פאָלק מיט דעם נאָמען **סוכה**. זינט מיר זענען פאַרטריבן געוואָרן פון אונדזער לאַנד, זענען מיר געוואָרן „סוכתו של עולם", די וואַנדערנ־דיקע וועלט־סוכה...

פאַר די מערסטע צייטן פון אונדזער היסטאָרישן לעבן, איז די סוכה פאַרבליבן דער סימבאָל פון אונדזער גלות, אַ צייטווייליקע דירה אין דעם גרויסן מדבר פון פעלקער, אויסגעוויזן צו אַלערליי צרות רעות, צו אַלערליי בייזע ווינטן. אין קיין לאַנד האָבן מיר ניט געקענט בויען פאַר זיך אַ שטענדיקע היים.

אונדזער אַרט לעבן, אונדזער שיקזאַל איז שטענדיק געווען אָפּהענגיק פון דעם גרויסן בוים, אונטער וועלכן מיר האָבן אונדזער סוכה צוגעשפּאַרט, אָדער פון דער גרויסער חיה, צו וועלכער מיר האָבן זיך אויפן וועג צוגעטוליעט. אַז דער גרויסער בוים פלעגט אַמאָל אָנפאַנגען אַראָפּוואַרפן זיינע בלעטער און צווייגן, פלעגט ער ביים ברעכן — דעם סכך פון אונדזער סוכה צעשפּאַלטן, אגב אורחא, אויך אונדזערע קעפּ... אַז די גרויסע חיה פלעגט זיך פאַרוועלן אויסטשוכען

אַביסל, אויסציען אירע שמוציקע פיס, פלעגט זי איבערקערן אונדזער שוואַך געבויטע סוכה, מאַכן אַ תל פון איר...

וואָס פאַר אַ ווענט אונדזער סוכה האָט ניט געהאַט, אויף וואָס פאַר אַ באָדן זי איז ניט געשטאַנען, — מיט איין זאַך האָט זי זיך שטענדיק אויסגעצייכנט: אינערלעכע ריינקייט האָט שטענדיק געהערשט אין איר, און דער וויכטיקסטער טייל פון דער סוכה, דער **סכך** אירער, איז געווען פון אַ מאַטעריאַל, וואָס איז ניט מקבל טומאה... און אין סוכה גופא האָבן שטענדיק געשוועבט די **אושפיזין**, די גייסטער פון אונדזערע אבות — אברהם, יצחק, יעקב, יוסף, משה, אהרון, דויד — וועלכע האָבן משפיע געווען אויף יונג און אַלט. און די שטערן אין הימל, די זילבערנע שטערן, האָבן דורכגעדרינגען דורך דעם סכך און באַלויכטן אונדזערע פנימער מיט אַן אור יקרות, מיט אַ זעלטענע ליכט...

די 4 מינים, אויף וועלכע מיר בענטשן יעדן טאָג פון סוכות, אויסער שבת, לערנען אונדז די וויכטיקייט פון אחדות און נאַציאָנאַלן שטאָלץ. דער מדרש זאָגט, אַז די מצווה פון נטילת לולב, פון בענטשן אתרוג, לערנט אונדזער פאָלק זיין פאַראייניקט. ווי די ארבעה מינים זענען צוזאַמענגעבונדן, כדי מען זאָל קענען בענטשן אויף זיי (בשעת מאַכן די ברכה על נטילת לולב דערנענטערט זיך אויך דער אתרוג צו די 3 חברים זיינע), — אַזוי דאַרפן אויך אַלע קלאַסן יידן זיין פאַראייניקט, כדי צו בילדן איין אומה, איין פאָלק...

דער מדרש זאָגט, אַז די ארבעה מינים רעפּרעזענטירן 4 קלאַסן יידן: דער אתרוג, וואָס האָט טעם און ריח, מען קען אים עסן און ער האָט אַ גוטן ריח — רעפּרעזענטירט די יודעי ספר, דעם קלאַס יידן וואָס קענען לערנען און טוען אויך מעשים טובים, זיי טוען גוטס פאַר זייערע מיטמענטשן, בין אדם לחברו.

דער לולב, וואָס האָט אַ גוטן טעם, מען קען עסן זיינע פּרוכט, זיינע טייטלען, אָבער האָט ניט קיין ריח, קיין גערוך, — רעפּרעזענטירט די בני תורה, אָבער קיין מעשים טובים טוען זיי ניט...

די הדסים, וואָס האָבן אַ גוטן ריח, זיי שמעקן גוט, אָבער קיין פּרוכט וואַקסט אויף זיי ניט, עסן פון זיי קען מען ניט, — זיי שטעלן מיט זיך פאָר אַ קלאַס יידן, וואָס קיין בני תורה זענען זיי ניט, אָבער מעשים טובים טוען זיי. זיי האַלטן אויס ישיבות, תלמוד־תורות, מושבי־זקנים, בתי־יתומים און פיל נייטיקע אַנשטאַלטן...

די ערבה, נעבעך, וואָס האָט ניט קיין טעם און ניט קיין ריח, ניט מען קען עס עסן, ניט מען קען עס שמעקן, — זי רעפּרעזענטירט אַ סאָרט יידן, וואָס ניט זיי קענען לערנען און ניט זיי טוען מעשים טובים. ניט זיי זענען בני תורה און ניט זיי העלפן זייערע מיט־מענטשן.

און גאָט זאָגט: קינדער מיינע, זייט אַלע צוזאַמען, זייט פאַראייניקט, זאָל ביי אייך הערשן אחדות, וועט מיין ברכה זיין אויף אייך, און קיין פאָלק וועט אייך ניט קענען אום־ברענגען, איר וועט מכפּר זיין איינער אויף דעם אַנדערן...

די ארבעה מינים שטעלן פאָר ניט נאָר דעם צבור, אַלע קלאַסן פון יידישן פאָלק, נאָר זיי שטעלן פאָר אויך דעם יחיד, דעם פּרט, דעם איינצלנעם מענטש...

אויף דעם פּסוק „**ולקחתם לכם פרי עץ הדר**" זאָגן אונדזערע חכמים ז"ל, אַז „**לכם**" מיינט **משלכם**, — איר זאָלט נעמען די ארבעה מינים אייערע **אייגענע**, ניט קיין געבאָרגטע, ניט קיין פרעמדע, — **משלכם**...

קוקט זיך צו גוט צו יעדן פון די 4 מינים:

דער **אתרוג** איז ענלעך צו אַ מענטשנס **האַרץ**. דער **לולב** איז ענלעך צו אַ מענטשנס **חוט השדרה**, צום רוקנביין.

**די הדסים**-בלעטלעך האָבן די פאָרעם פון אַן **אויג**, און **די ערבות**-בלעטלעך זעען אויס ריכטיק ווי די **ליפּן** פון **מויל**.

דער **אתרוג**, דאָס **האַרץ** פון אַ ייד, דאַרף זיין משלכם, אמת יידיש און געטריי צו אונדזער גאָט און אונדזער **פאָלק ישראל**. דאָס יידישע האַרץ דאַרף מיטפילן די פריידן און ליידן פון אונדזער פאָלק. אויב דער אתרוג איז אַ טרו־קענער, אָדער אַ צעשפּאָלטענער, — איז ער **פּסול**, מען טאָר ניט בענטשן אויף אַזאַ אתרוג. אויב אַ יידיש האַרץ איז טרוקן, צעשפּאָלטן, אָנגעשטאָפּט מיט פרעמדע אידייען, מיט פרעמדע געדאַנקען, מיט אַן **אש זרה**, — איז עס **פּסול**, ניט אין גאַנצן יידיש...

דער **לולב**, דער רוקנביין פון אַ ייד, דאַרף זיין **משלכם**, ער דאַרף זיין **שטאָלץ** מיט זיין אייגענעם אָפּשטאַם, מיט זיין תורה, מיט זיין קולטור און מיט זיינע מנהגים. אויב ביי אַ לולב זענען די בלעטער צעשפּריים **„נפרצו העלים"** איז ער פּסול צום בענטשן. אויב אַ יידס חוט השדרה איז **ניט גלייך**, ער בייגט זיך און אונטערוואַרפט זיך פרעמדע השפּעות, פרעמדן איינפלוס, איז ער אַ ייד אַ **בעל־מום**, וואָס קען ווייניק אויפטאָן פאַר זיין פאָלק...

**די הדסים**, די אויגן פון אַ ייד, דאַרפן אויך זיין **משלכם**, זיי דאַרפן קוקן און זען, וואָס איז גוט פאַר אונדזער פאָלק, פאַר אונדזערע אינטערעסן. אויב אַ בלעטעלע פון הדס איז העכער ווי די אַנדערע בלעטלעך, איז ער אַ **„הדס שוטה"**. אַלע יידן, אַלע פּאַרטייען דאַרפן זיין פאַראייניקט, ווי די בלעטלעך פון אַ הדס, וואָס גייען אַרויס אַלע פון איין פּלאַץ.

די **ערבות**, דאָס מויל פון אַ ייד, דאַרף אויך זיין **משלכם**... אַ ייד, וואָס לאַכט אָפּ פון אונדזערע טראַדיציעס, פון אונ־דזערע מנהגים; וואָס **מסר'ט** אויף אונדז פאַר פרעמדע פעלקער, וואָס שטערט אונדזער קאַמף פאַר אַן אייגענעם ווינקל, פאַר אַן אייגענער היים, אין ארץ־ישראל, — אַזאַ ייד

איז אַ בוגד, אַ דעזערטער... אַ יידיש מויל דאַרף פאַרטיידיקן און באַשיצן די אינטערעסן פון אונדזער פאָלק. אַ יידיש מויל דאַרף אויך לערנען אונדזער תורה און אונדזער רייכע קול־טור, כדי ער זאָל נישט זיין קיין **בור** און **עם הארץ**.

דער **אתרוג** לערנט אונדז נאָך אַ זייער וויכטיקע לעקציע. דער אתרוג איז די איינציקע פרוכט, וואָס **„טעם עץ ופריו שווים"**, דער טעם פון אתרוג און פון זיין בוים איז דער זעלבער. דאָס קינד האָט דעם זעלבן טעם, דעם זעלבן געשמאַק וואָס זיינע עלטערן האָבן.

זאָל דער אתרוג דינען אונדז אַלס ביישפּיל: צו דערציען אונדזערע קינדער און אייניקלעך אין דעם זעלבן גייסט פון אונדזערע עלטערן, אין דעם גייסט פון די אושפּיזין, פון די וויכטיקע געסט, וואָס באַזוכן אונדזער סוכה אין דעם **זמן שמחתנו**, אין דעם דאָזיקן פריילעכן יום טוב סוכות...

זאָלן אונדזערע קינדער וויסן זייער יחוס, זייער אָפּ־שטאַם, — זאָלן זיי וויסן אַז מיר שטאַמען פון אַן אַלטן בוים, וואָס האָט געשפּייזט די גאַנצע וועלט מיט גייסט, מיט עשרת הדברות, מיט אַ תורה, מיט צדק ומשפּט, מיט עטיק... זאָלן אונדזערע קינדער וויסן, אַז פון די אַראָפּפאַלנדיקע בלעטער פון אונדזער אַלטן בוים, ציען אַלע פעלקער די יניקה עד היום... אמת, אונדזער אַלטער בוים איז אַ ביסל איינגעבויגן — אָבער אַזוי פירט זיך די וועלט: **נאָר פּוסטע, אומפרוכטבאַרע**ביימער האַלטן די קעפּ פאַררים... פרוכט־ביימער שטייען שטענדיק איינגעבויגן, די קעפּ עטוואָס אַראָפּגעלאָזן...

ווען אונדזערע קינדער וועלן וויסן אונדזער יחוס, וועלן זיי שטאָלצירן מיט זייער פאָלק, וואָס האָט באַרייכערט די וועלט מיט פיל גייסטיקע אוצרות, וואָס האָט באַשאָנקען די מענטשהייט מיט פיל הויכע אידעאַלן, מיט **תנ"ך, דעם ספר**

**הספרים,** וואָס איז דער **בעסט־סעלער** פאַר טויזנטער יאָרן...

אויב דער **„ולקחתם לכם"** — **משלכם** — וועט ביי אונדז נאָכגעפאָלגט ווערן, ווי די חז"ל האָבן עס אויסגעטייטשט און דערקלערט — וועלן מיר זוכה זיין, אַז די תפילה, וואָס מיר זאָגן דעם יום טוב אין ברכת המזון, **„הרחמן הוא יקים לנו את סוכת דויד הנופלת",** וועט מקוים ווערן, און פון דער **אתחלתא דגאולה** וועט ווערן אַ **גאולה שלמה,** — און אונ־דזער קליינע סוכה אין מזרח, די מדינת ישראל, וועט ווערן אַ וועגווייזער פאַר דער צעבראָכענער און צעריסענער מענטשהייט, וואָס קען זיך אַליין ניט העלפן... און אויך אַ כבוד און אַ שטאָלץ פאַר אונדזער פאָלק ישראל איבער דער גאַנצער וועלט — **אָמן כן יהי רצון!**

# שמיני עצרת

מיר פייערן היינטיקע וואָך דעם שיינעם, פריילעכן יום טוב סוכות, דעם זמן שמחתנו. נאָך די ימים נוראים קומט ביי אונדז דער יום-טוב פון פרייד. אַ מערקווירדיק פאָלק זענען מיר: אין רעכטן מיטן פון זמן שמחתנו פאַרגעסן מיר ניט צו דערמאָנען אונדזער שווערן מצב צווישן די אומות העולם. מיר בעטן גאָט: **הרחמן הוא יקים לנו את סוכת דויד הנופלת,** אַז גאָט זאָל רחמנות האָבן און אויפשטעלן אונדזער שוואַכע סוכה, אַז מיר זאָלן אויפהערן צו זיין שכנים ביי אַנדערע, אַז מיר זאָלן אויפהערן צו זיין אַ נע-ונד-פאָלק.

„**ביום השמיני עצרת תהיה לכם**" — די תורה זאָגט אונדז, אַז דער אַכטער טאָג סוכות זאָל זיין **לכם,** פאַר אייך אַליין. זיבן טעג האָבן אונדזערע עלטערן מקריב געווען קרבנות פאַר די פעלקער; שמיני עצרת איז **לכם,** נאָר פאַר אייך אַליין. אין דעם טאָג פון שמיני עצרת דאַרפן מיר מאַכן אַ **חשבון הנפש,** מיר דאַרפן באַטראַכטן אונדזער מצב אַלס פאָלק, אַלס צבור. מיר דאַרפן אָפּגעבן אַ חשבון וועגן אונדזערע נאַציאָנאַלע חובות, וואָס יעדער יחיד טראָגט אויף זיך לגבי דעם צבור.

אונדזער פאָלק האָט געהאַט 3 פעסטונגען, וואָס האָבן אים באַשיצט אין דער פינצטערער נאַכט פון גלות, צווישן גרויזאַמע שכנים. די ערשטע פעסטונג איז געווען **תורה, חנוך הבנים,** קינדער-דערציאונג. יעדער פאָטער און יעדע מוטער האָט געזאָרגט צו האָבן אַ גייסטיקן יורש, וואָס זאָל פאַרזעצן די גאָלדענע קייט, וואָס ציט זיך פון באַרג סיני... ווּהין אַ ייד איז פאַרוואָרפן געוואָרן, האָט ער תיכף זיך

באַמיט איינצואָרדענען אַ חדר פאַר די קינדער. ווען די מערסטע פעלקער זענען נאָך געווען קאַניבאַלן, מענטשן־פרעסער, האָבן מיר שוין געהאַט נביאים, תנאים, אמוראים, סבוראים, גאונים, רבנים און גדולי ישראל אויף אַלע געביטן.

דאָס ערשטע איז געווען אונדזער פאָלק וואָס האָט איינגעפירט אַלגעמיינעם אונטערריכט נאָך מיט 2 טויזנט יאָר צוריק. דער כוהן גדול, יהושע בן גמלא, האָט איינגע־פירט, אַז אין יעדן שטעטל זאָל זיין אַ חדר צו לערנען קינדער, און די יידישע קהילה איז מחויב צו באַזאָרגן חינוך פאַר אַלע קינדער, אָרעם און רייך. דאַן איז מקוים געוואָרן ביי אונדזער פאָלק **„וכל בניך למודי ה׳״**, קיין עם־הארצים איז ביי אונדז ניט געווען. דער וואָס איז ניט געווען קיין למדן, אַ גמרא־לערנער, האָט ער געקענט אַ פרשה חומש מיט רש״י. דאַוונען האָט יעדער געקענט — ניט געווען קיין אַנאַלפאַבעטן ביי אונדז, אַלע יידן זענען געווען גע־לערנטע, **למודי ה׳**.

צו וואָס זענען מיר דערגאַנגען דאָ אין אַמעריקע ? 55 פראָצענט פון אונדזערע קינדער לערנען גאָרניט, באַזוכן ניט קיין יידישע שולע. די מערסטע, וואָס לערנען שוין יאָ, באַנוגע־נען זיך מיט איין טאָג אין וואָך, מיט סאַנדיי־סקול, אָדער מיט אַ 2־3־טאָגיקע שולע. זייער אַ קליינער טייל באַזוכט אַ 5־טאָגיקע שולע. אונדזערע עלטערן ברענגען די גרעסטע קרבּ־נות צו מאַכן זייערע קינדער פאַר גרויסע מענטשן, פאַר דאָקטוירים, אינזשענירן א.א.וו., אָבער זיי טוען גאָרניט צו מאַכן זיי פאַר שטאָלצע, באַוווּסטזיניקע יידן. עס איז מקוים געוואָרן די קללה: **„בניך ובנותיך נתונים לעם אחר״...** אונדזערע גערעטענע קינדער באַרייכערן אַלע קולטורן פון דער וועלט, אָבער ניט אונדזער אייגענע קולטור... **כרמי שלי לא נטרתי״...**

דער **תנ"ך**, די גאונישע שאַפונג פון אונדזער פאָלק, ווערט ניט געלערנט דורך אונדזערע קינדער. מען קושט אַ פונאַנדערגעוויקלטע ספר־תורה, אָבער מען לערנט עס ניט. גויים לערנען אונדזער תנ"ך אין די אוניווערסיטעטן, אָבער ניט יידן. עס איז מקוים געוואָרן **„בן משק ביתי יורש אותי"** — גויים ירשענען אונדזער תנ"ך. מיר וועלן הייַנט אָוונט טאַנצן און פרייען זיך מיט דער תורה, אָבער די מערסטע פון אונדזער פאָלק קענען ניט און ווייסן ניט דעם אינהאַלט פון דער תורה.

די צווייטע פעסטונג פון אונדזער פאָלק איז געווען **די שול, דער בית הכנסת, דער בית המדרש.** סיי אין גוטע צייטן, סיי, חס ושלום, אין שלעכטע צייטן, איז דער ייד געקומען אין שול. אַ ברית, אַ פדיון הבן, אַ בר מצווה, אַ חופה — אַלץ איז געווען אין שול. חס ושלום אין אַ שלעכטער צייט, אין אַ שווערער קראַנקייט, איז מען געקומען מתפלל זיין ביי דעם ארון קודש אין שול. די שול, ווי אַ גוטע מאַמע, האָט געטרייסט און געמונטערט, און געגעבן האָפענונג, און אַ פאָגראָם האָט די שול געדינט ווי אַ פעסטונג צו באַשיצן זיך קעגן די רשעים און רוצחים.

וואָס זעען מיר איצט? אונדזערע שולן זענען מערסטנס ליידיק; אַפילו שבת איז קוים דאָ אַ מנין מתפללים. פון אַ גוי קדוש איז געוואָרן אַ **גוי „קדיש"**... ווען ניט די קדיש־זאָגערס וואָלט אין פיל שולן ניט געווען קיין מנין. אַמאָליקע יאָרן איז געווען **ברא מזכה אבא**, אַז דער זון האָט מזכה געווען דעם פאָטער מיט זיין גוטער אויפפירונג; היינטיקע צייטן איז **אבא מזכה ברא**, דער טאַטע, אַז ער שטאַרבט, איז מזכה דעם זון, ער זאָל אָנהייבן גיין אין שול זאָגן קדיש... אַמאָליקע יאָרן איז געווען **„דור הולך ודור בא"**, אַז דער עלטערער דור פלעגט אָפּשטאַרבן, פלעגט קומען אַ יונגער

דור און פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון אַלטן דור. היינט קומט דער יונגער דור גאָרניט אין שול, סיידן צו זאָגן קדיש...

די דריטע פעסטונג איז געווען **צדקה, גמילות חסדים.** אונדזער פאָלק האָט שטענדיק געשטיצט מוסדות־חסד, ווײלטעטיקע אנשטאלטן — ער טוט עס היינט אויך. ספּעציעל האָבן זיך אונדזערע עלטערן אָפּגעגעבן מיט העלפן בתי יתומים, מושבי־זקנים און הכנסת־אורחים. ווער געדענקט ניט ווי אונדזערע עלטערן פלעגן זוכן ווי מיט ליכט אַן **אורח אויף שבת.** פיל ישיבה־בחורים זענען געשפּייזט געוואָרן דורך דער מידה פון הכנסת־אורחים, פון געבן אַ טאָג עסן צו אַ ישיבה־תלמיד.

דער גרעסטער הכנסת־אורחים־אַנשטאַלט פון אַלע צייטן איז דער **האַיאַס**, וועמענס הויפּט־אָפיס איז אין ניו־יאָרק, וועלכער האָט אָפּטיילונגען איבער דער גאַנצער וועלט. ווער פון אונדזערע עלטערן, אָדער פון אונדז אַליין, האָט ניט געפונען אין **האַיאַס** אַ גוטן מלאך, וואָס האָט אים באַגעגנט ביי דער שיף, געגעבן אים דעם ערשטן מאָלצייט אָפּצועסן, דעם ערשטן נאַכטלעגער ווי אָפּצורוען די פאַרמאַטערטע ביינער. ווי אַ גוטער פאָטער האָט **האַיאַס** געזאָרגט צו באַ־שיצן אונדזערע וואַנדערער, צו באַקומען פאַר זיי דעם ערשטן אַרבעטס־פּלאַץ. **האַיאַס** האָט אונדז אַלעמען געהאָלפן. מיר מוזן כאָטש באַצאָלן אַ קליינעם טייל פון אונדזער חוב צו **האַיאַס**, כדי ער זאָל קענען העלפן אַנדערע וואַנדערנדיקע ברידער אונדזערע איבער דער גאַנצער וועלט.

מיר מוזן אויפסניי אויפלעבן דעם הייליקן **דרייַלינג** און אונדזער לעבן: **תורה** — דורך אַ צופרידנשטעלנדיקער קינדער־דערציאונג; וועלכע דאַרף ווערן אַ טאָג־טעגלעכע באַדערפעניש פאַר יעדן ייד; **שול** — יידישע אחדות, יידישע קדושה, מוז ווערן די צווייטע היים פאַר דעם ייד, ווען

דאָס לעבן ציט און רייסט מיט מאַטעריעלן שטורעם. און **צדקה**, וועלכע מוז ווערן אַ ביי־יסוד אין אונדזער עקזיסטענץ.

דעמאָלט וועט מקוים ווערן די תפלה: „**הרחמן הוא יקים לנו את סוכת דויד הנופלת**" און מיר וועלן זוכה זיין צו אַן אמתער אויפריכטונג אין אונדזער אייגן לאַנד.

# חנוכה

מיר פייערן היינטיקע וואָך דעם **חג האורים,** דעם יום טוב פון ליכט. דאָס יידישע פאָלק האָט א באַזונדער ליבע צו ליכט. ביי יעדער וויכטיקער פּאַסירונג אין אונזער לעבן — צינדן מיר אָן ליכט.

ווען אַ קינד ווערט געבוירן אין אַ יידישע פאַמיליע, צינדן מיר אָן ליכט. צום ברית, ביי דער „בר מצווה" פייערונג, אונטער דער חופה — צינדן מיר אָן ליכט. און ווען מיר גייען אַוועק פון דער וועלט צו אונדזער אייביקער רו — צינדט מען אויך ליכט.

מיר באַגעגנען אונדזערע הייליקע טעג, אונדזערע שבתים און ימים טובים מיט ליכט, מיר זאָגן דאַן אַ ברכה איבער די ליכט — מיר בענטשן ליכט. אונדזערע מוטערס און באָבעס פלעגן ביי ליכט בענטשן זאָגן אַ האַרציקע תפילה: ג' פון אברהם, יצחק און יעקב, גיב דיין ברכה, אַז אונדזערע קינדערס אייגעלעך זאָלן שיינען אין דער הייליקער תורה, ווי די שבת ליכט, וואָס מיר האָבן אָנגעצונדן לכבוד דיין הייליקן נאָמען.

אין בית המקדש האָט שטענדיק געברענט דער **נר תמיד,** אַ שטענדיק ליכט. אין אונדזערע שולן, די בתי־מקדש־מעט, ברענט אויך אַ שטענדיקער נר תמיד...

ליכט איז דער סימבאָל פון פרייהייט, פון פרידן, פון האָפענונג אויף אַ בעסערע צייט, אויף אַ ליכטיקערע וועלט...

מיר יידן זענען שטענדיק געווען די פאַרשפּרייטער פון ליכט, פון וויסן, פון גאָטהייט, פון גערעכטיקייט און פרידן אויף דער גאַנצער וועלט. גאָט האָט אונדז באַשאַפן צו זיין **לאור גויים,** צו זיין אַ וועגווייזער פאַר אַלע פעלקער...

אונדזער קליינע מדינה, ישראל, האָט אויסגעקליבן די **מנורה** אַלס איר **עמבלעם.** די מנורה גיט מדינת ישראל די האָפענונג, אַז זי וועט פאַרטרייבן די פינצטערניש, וואָס הערשט אין די שכנישע לענדער. „**אור קטן דוחה חושך גדול**" — אַ קליינע ליכט פאַרטרייבט אַ גרויסע פינצטערניש...

מיר צינדן היינט אָן אונזערע דינינקע ליכטלעך אין אַ צייט, ווען אין פיל לענדער הערשט חושך מצרים, אַ גרויסע פיצטערניש, נישטאָ קיין פרייהייט, מענטשן לעבן אין גרויסע פריזאנס...

אונדזער קליין לאַנד ישראל איז איצט אין דער לאַגע ווי פאַר די מאַקאַבעיער-צייטן מיט מער ווי 2 טויזנט יאָר צוריק, ארומגערינגלט מיט ביטערע ווילדע שונאים, וואָס ווילן אונדז פאַרניכטן, „אין ים אַריינוואַרפן"...

אין אַזעלכע שווערע צייטן האָבן אונדזערע עלטערן און זיידעס געשעפּט מוט און האָפענונג, אמונה און בטחון פון די נסים ונפלאות — פון די גרויסע ווּנדער, וואָס האָבן פּאַסירט אין די צייטן פון די חשמונאים, ווען אַ קליין הייפעלע יידן האָבן באַזיגט אַ שטאַרקן שונא, וואָס האָט אונדז געוואָלט אומברענגען. עס איז וויכטיק צו באַמערקן, אַז אונדזער פאָלק ישראל שטאָלצירט גאָרנישט מיט דעם מיליטערישן נצחון פון מכבים. די חשמונאים ספרים, אין וועלכע עס איז באַשריבן אַלע פרטים וועגן דער מלחמה מיט גריכן, זענען נישט אריינגענומען געוואָרן אין די כתבי הקודש, אין תנ"ך. די חשמונאים ספרים ווערן גערופן **ספרים חיצונים.**

דער תלמוד, רעדנדיק וועגן דעם נס פון חנוכה, **דער**מאָנט גאָרנישט דעם מיליטערישן נצחון פון יהודה המכבי. דער תלמוד דערציילט נאָר וועגן דעם נס פון **פך השמן,** וועגן דעם ווּנדער פון קריגעלע אויל. ווען די יידן **זענען**

אריין נאָך דער מלחמה אין בית המקדש האָט מען געפונען נאָר 1 קריגעלע שמן זית מיט דער חתימה פון כהן גדול. די אויל איז געווען גענוג אויף צו ברענען נאָר 1 נאַכט און טאָג פאַר דעם **נר תמיד**. עס איז געשען אַ נס און דאָס קריגעלע אויל איז געווען גענוג אויף צו ברענען 8 טעג, ביז ס'איז געבראַכט געוואָרן פרישע ריינע אויל, וואָס די גריכן האָבן נישט מטמא געווען. די חכמי התלמוד האָבן געדענקט, אַז עס פּאַסט נישט פאַר אונדזער פאָלק צו שטאָלצירן מיט פיזישער קראַפט, מיט מיליטערישע נצחונות. אונדזער פאָלקס־אידעאַל איז אַ וועלט־שלום, ווען פון שווערדן וועט מען מאַכן אַקעראייזנס, ווי אונדזער גרויסער נביא ישעיהו האָט פאָראויס געזאָגט: „**וכתתו חרבותם לאתים**"... אַלע פעלקער פייערן זייערע פרייהייטס־ימים־טובים מיט שי־סעריי, מיט טומל, מיט שכרות, מיט הוליאנקעס. אַזוי פירן זיך די פראַנצויזן אין באַסטיליע־טאָג; אַזוי פירן זיך די אַמעריקאַנער אין 4־טן דזשולײַ...

מיר יידן פייערן אונדזער נצחון איבער די גריכן מיט צינדן דינינקע ליכטלעך, מיט זאָגן „הלל" און „על הניסים", מיט זינגען „מעוז צור ישועתי", מיט געבן מתנות צו פריינד און חנוכה־געלט צו קינדער...

אפילו אונדזערע חנוכה־שפּילן האָבן אויך אַ היסטאָרישן סימבאָל: אויף אונדזערע חנוכה־דריידלעך זענען געשריבן 4 העברעישע אותיות **נ. ג. ה. ש.**, וואָס באַדייטן „**נס גדול היה שם**", אָדער ווי פיל געלערנטע דענקען, אַז די ראשי־תיבות פון **נ. ג. ה. ש.** באַדייטן „**נשיא גדול היה שמעון**"...

אין שבת חנוכה לייענען מיר אין דער הפטרה די ווער־טער פון **זכריה הנביא**: „**לא בחיל ולא בכוח, כי אם ברוחי**" אמר ה' צבאות... נישט מיט כוח, נישט מיט פיזישער קראַפט געווינען מיר אונדזער פרייהייט, נאָר **ברוחי**, מיט מיין גייסט... אונדזערע ליכטעלעך סימבאָליזירן דעם נצחון

פון גייסט איבער פיזישער קראַפט. די מלחמה פון מדינת ישראל מיט די פילע אַראַבישע מלוכות אין 1948, האָט אויך באַוויזן, אַז רוח איז שטאַרקער פון חיל און כוח, אַז גייסט איז שטאַרקער פון קראַפט...

מיליטערישע נצחונות האָבן אַנדערע פעלקער געהאַט גרעסערע, ווי אונדזערע מכבים. אייניקע פעלקער האָבן באַהערשט די גאַנצע וועלט פון אַלטערטום — ווו זענען זיי יעצט די גרויסע אַלטע פעלקער? ווו איז דאָס גרויסע **מצרים, אשור, בבל, יוון, רוים** און אַנדערע? — נישטאָ קיין נפש! וועגן די אַלע אַלטע פעלקער קענט איר לייענען אין געשיכטע ביכער... מיר יידן לעבן, גאָט צו דאַנקען, און מיר וועלן לעבן כימי השמים על הארץ, כל זמן הימל און ערד וועלן עקזיסטירן...

חנוכה האָט 4 נעמען: **חג האורים, חג המכבים, חג החשמונאים.** אָבער דער פּאָפּולערסטער נאָמען איז **חנוכה.** אין דעם נאָמען חנוכה ליגט אַ טיפער געדאַנק. **חנוכה** מיינט **חנוך,** דערציאונג — דערציאונג אין דעם גייסט פון די **מכבים,** וואָס האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר אונדזער **תורה,** פאַר אונדזער **אמונה...**

„**הנרות הללו קודש הם**" — אָט די קליינע ליכטלעך, וואָס מיר צינדן, זענען הייליק, זיי סימבאָליזירן אונדזערע קליינע קינדער, אין וועלכע מיר זענען מחויב אריינצו־ברענגען דעם גייסט פון אונדזער תורה, פון אונדזערע נביאים. די קינדער אונדזערע, דאַרפן דעריבער אַנפאַנגען לערנען, ווען זיי זענען נאָך יונג. אַ קולטור פון 4 טויזנט יאָר קען מען נישט אויסלערנען אויף איין פוס — על רגל אחת... אונדזער תורה האָט אונדז געדינט אַלס **עמוד אש,** אַלס וועג־ווייזער, אין לאַנגען, פינצטערן גלות; זי האָט אונדז אויך באַשיצט, געדינט אַלס ליכט־זייל, אין דער לאַנגער גלות־נאַכט...

דער נס פון חנוכה האָט געקענט פּאַסירן נאָר **בימי מתתיהו ובניו**, אין אַ צייט וואָס די **בנים** זענען געווען דורכ־געדרונגען מיט דעם גייסט פון **מסירת נפש** פון די **עלטערן**, ווי די 7 קינדער פון **חנה** האָבן עס באַוויזן: זיי האָבן זיך נישט געשראָקן פאַר דעם טויט און נישט געבוקט זיך צום **געטש**...

צום באַדויערן, פאַרנאַכלעסיקן יעצט פיל פון אונדזערע עלטערן די יידישע דערציאונג פון זייערע קינדער. אונדזערע עלטערן זענען זיך מקריב צו מאַכן זייערע קינדער פאַר גרויסע מענטשן, פאַר גרויסע געלערנטע, אָבער טוען כמעט גאָרנישט, כדי צו מאַכן זיי פאַר **שטאָלצע** יידן...

אונדזערע עלטערן טוען נאָך דעם **שמש** פון די חנוכה ליכטלעך. דער שמש צינדט אָן מיט זיין פלאַם, מיט זיין פייער אַלע ליכטלעך, ער אַליין, אָבער, שטייט נעבעך אין אַ זייט, אַ פאַרשעמטער... אונדזערע פעיקע קינדער, מיט די גוטע קעפּלעך, באַלייכטן און באַשיינען די גאַנצע וועלט, באַרייכערן אַלע ליטעראַטורן, אָבער, ליידער, נישט זייער אייגן פאָלק ישראל, נישט זייער אייגענע ליטעראַטור. „**כרמי שלי לא נטרתי**"... ווען אונדזערע קינדער וואָלטן געלערנט יידישקייט פון דער יוגנט אָן, וואָלט נישט געקענט פּאַסירן, אַז זיי זאָלן אונטערגראָבן די מדינת ישראל, ווי עס טוט עס די גרופּע פון „דזשודאַיסטן" דאָ אין לאַנד... עס זענען פאַראַן 2 שיטות, 2 אופנים פון צינדן די חנוכה ליכטלעך. די מיינונג פון „**בית שמאי**" איז, אַז די ערשטע נאַכט דאַרף מען אָנצינדן 8 ליכטלעך. נאָכהער, יעדן אָוונט מיט 1 ליכטל ווייניקער, הולך ופוחת, — די לעצטע נאַכט פון חנוכה צינדט מען נאָר 1 ליכטל.

די „**בית הלל**" זאָגן, אַז מען דאַרף צינדן די ערשטע נאַכט נאָר 1 ליכטל, און נאָכהער יעדן אָוונט מיט אַ ליכטל מער. די לעצטע נאַכט צינדט מען 8 ליכטלעך.

די בית שמאי דענקען, אַז די אַמאָליקע דורות זענען געווען בעסערע; אַז די וועלט גייט באַרג אַראָפּ, די מענטשן ווערן מיט יעדן דור ערגער און ערגער, — דעריבער האַלטן זיי, אַז **הולך ופוחת**, די ערשטע נאַכט 8 ליכטלעך און די לעצטע נאַכט — איין ליכטל. די בית הלל דענקען, אַז די וועלט פּראָגרעסירט, אַז מיט יעדן דור ווערט די מענטשהייט בעסער, דעריבער פּסקענען זיי, אַז **מוסיף והולך**, — די ערש־טע נאַכט 1 ליכטל און יעדן אָוונט מיט 1 מער. די לעצטע נאַכט צינדט מען 8 ליכטלעך. מיר יידן פירן זיך ווי די בית הלל שיטה. מיר האָפן, אַז די צוקונפט וועט ברענגען אַ שלום אויף דער וועלט, און די נבואה פון גרויסן נביא ישעיהו „**וגר זאב עם כבש**" וועט מקוים ווערן און פרידן וועט הערשן אויף דער גאַנצער וועלט.

מיר האָפן, אַז דער קליינער שטערן, וואָס האָט זיך באַוויזן אין 1948 אויף אונדזער הימל, וועט מיט דער צייט ווערן אַ גרויסע זון, וואָס וועט צעוואַרעמען יעדעס יידישע האַרץ, באַלייכטן און באַשיינען אַלע ווינקעלעך פון אונדזער לעבן איבער דער גאַנצער וועלט...

דער אַלטער כהן מתתיהו, האָט דערצויגן זיינע 5 זין אַלס גבורי ישראל, אַלס יידישע קעמפער, — האָט ער, דערי־בער, געקענט באַזיגן אַ מעכטיקן גרויזאַמען שונא ישראל. דער נס חנוכה פון **רבים ביד מעטים** האָט געקענט פּאַסירן נאָר „**בימי מתתיהו ובניו**", אין אַ צייט ווען די **בנים**, די קינדער, זענען געווען דורכגעדרינגען מיט דעם גייסט פון די **אבות**, פון די עלטערן, און זענען גרייט געווען זיך מקריב צו זיין פאַר אַלע אונדזערע הייליקייטן.

הערט זיך גוט צו צום שטאַרקן רוף פון דעם אַלטן כהן מתתיהו: „**מי לה' — אלי!**", ווער עס האָט גאָט אין האַרצן, זאָל נאָכפאָלגן מיר!... דאָס גאַנצע יידנטום שטייט איצט אין סכנה, אין געפאַר. מיר יידן, אין דעם פרייען לאַנד

אַמעריקע, זענען די איינציקע, וואָס קענען ראַטעווען אונ־
דזער פאָלק און אונדזער תורה. גיט אייערע קינדער אַ יידי־
שע דערציאונג, לערנט זיי אונדזער תורה, ווען זיי זענען
יונג, — וואַרט ניט ביז בר־מצווה צייט!...

**מוטערס און פאָטערס!** צינדט אָן די ליכט פון דער
תורה אין די נשמות פון אייערע קינדער! — זאָל עס ווערן
אַ הייליקער פלאַם, אַ שלהבת־יה, וואָס זאָל צעטרייבן די
פינצטערע וואָלקנס, וואָס באַדעקן איצט אונדזערע הימלען,
און זאָל דאָס תורה־ליכט דערמוטיקן און באַגייסטערן אַלע
אונדזערע ברידער איבער דער גאַנצער וועלט... **„מי לה' —
אלי!...**

# חמשה עשר בשבט

די יידישע ימים טובים ווערן קלאַסיפיצירט אין דריי קאַטעגאָריעס: רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און פוןביידע עלע־מענטן קאָמבינירטע. צו די רעליגיעזע ימים טובים געהערן **ראש השנה** און **יום כפור**, ווען מיר בעטן אויף אַ כתיבה וחתימה טובה און אַ גוט יאָר, אויף סליחה ומחילה און פאַרגעבונג פון אונדזערע זינד. צו דער צווייטער קאַטעגאָריע געהערן **חנוכה** און **חמשה עשר בשבט**, וועלכע זיינען אויס־שליסלעך נאַציאָנאַלע ימים טובים. צו דער דריטער קאָמ־בינירטער קאַטעגאָריע געהערן די שלוש רגלים: **פסח, שבועות** און **סוכות**.

חמשה עשר בשבט איז אויסשליסלעך אַ נאַציאָנאַ־לער יום טוב, דורך וועלכן דאָס יידישע פאָלק האָט אויס־געדריקט זיין צוגעבונדנקייט צו אונדזער לאַנד, זיין בענקע־ניש און ליבשאַפט צו דער שיינער נאַטור, צו ביימער און בלומען. אונדזערע עלטער־זיידעס האָבן זייער ליב געהאַט די נאַטור. אָט די ליבשאַפט צו דער נאַטור ביי אונדזערע זיידעס נאָך, ווערט אויסגעדריקט אין פיל ערטער אין תנ"ך, תלמוד, מדרש און אויך אין קבלה־ספרים. ציטירן אַלע פסוקים און מאמרים וואָלט געפאָדערט פיל פלאַץ, דעריבער וועל איך זיך באַגנוגענען מיט אייניקע:

די תורה זאָגט: **כי תבואו אל הארץ ונטעתם**, ווען איר וועט קומען אין צוגעזאָגטן לאַנד, זאָלט איר פלאַנצן אַלערליי ביימער... אין תהלים ווערט אַ גליקלעכער מענטש צוגע־גליכן צו אַ בוים, וואָס איז פאַרפלאַנצט ביי אַ קוואַל וואַסער. די תורה איז געגליכן צו אַן **עץ החיים**, אַ בוים פון לעבן. אין אַ מלחמה־צייט איז יידן נישט דערלויבט געוואָרן אויסצו־

האַקן דעם שונאס ביימער — **„לא תשחית את עצה"**. אין אַ שטאָט אָן גערטנער טאָר מען ניט וווינען, זאָגט דער ירושלמי — די חכמים פון ארץ־ישראל.

אַ זייער שיינער מנהג איז געווען איינגעפירט אַמאָליקע יאָרן אין ארץ־ישראל. ווען אַ זכר איז געבוירן געוואָרן, האָבן די עלטערן געפלאַנצט אַ צעדערבוים (ארז); ווען אַ נקבה איז געבוירן געוואָרן, האָבן זיי געפלאַנצט אַ ציפּרוס־בוים (ברוש). ווען די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן, האָבן זיי אַכטונג געגעבן אויף די יונגע ביימלעך — אויף אַזאַ אופן האָט זיך אַנטוויקלט ביי די קינדער אַ ליבשאַפט צו אַלערליי פלאַנצונגען. ווען די קינדער האָבן חתונה געהאַט, האָט מען פון די צווייגן פון **ארז** און **ברוש** געמאַכט די חופה פאַר חתן־כלה. די ביימער האָבן פאַרבונדן דעם געבורטס־טאָג מיט דעם חתונה־טאָג. זייער פיל וועלדער זענען געווען אַמאָל פאַרפלאַנצט אין ארץ־ישראל, נאָר ווילדע אַראַבער האָבן אַלץ פאַרברענט. אין תנ"ך ווערן דערמאָנט שטעט, וואָס זייערע נעמען זאָגן עדות, אַז זיי זענען געווען אַרומגע־רינגלט מיט וועלדער. די שטאָט **„קרית יערים"** — די שטאָט פון וועלדער — איז איין ביישפּיל דערויף.

אין די קאַלטע לענדער, ווו מען קען ניט פלאַנצן קיין ביימער אין חמשה עשר בשבט, האָבן די יידן דערמאָנט אונדזער לאַנד, עסנדיק די פרוכט, וואָס וואַקסט אין ארץ־ישראל: באָקסער, טייטלען, פייגן און אַנדערע, די פירות האָבן געדינט דעם ייד אַלס לעבעדיקער גרוס פון דער אַלטער מוטער ציון. דאָס האָט געגעבן אונדזער פאָלק מוט און האָ־פענונג אויף אַ בעסערן עתיד, אויף אַ גליקלעכערע צוקונפט.

מיר יידן האָבן אונדזער לאַנד קיינמאָל נישט פאַרגעסן. סיי ביי אַ שמחה, סיי, חס שלום, אין צער, האָבן מיר אונדזער לאַנד דערמאָנט. האָט אַ ייד דעקאָרירט זיין הויז, האָט ער געלאָזן אַ שטיקל פלאַץ ליידיק, נישט דעקאָרירט, איבער

דער טיר, אַלס זכר לחורבן. ווען אַ ייד האָט חתונה געמאַכט זיין קינד, האָט מען אונטער דער חופה צעבראָכן אַ גלאָז — זכר לחורבן. ווען מען פירט אַ ייד צו זיין אייביקער רו, גיט מען אים מיט אַ זעקעלע ארץ־ישראל־ערד... אין ווינטער, ווען ביי אונדז איז זייער קאַלט און מען דאַרף הייצן דעם אויוון, בעט גאָר אַ ייד גאָט, אויף טל ומטר, אויף טוי און רעגן — ניט פאַר זיך דאָ, נאָר פאַר ארץ־ישראל, ווו מען נייטיקט זיך דערין.

די שמחה אונדזערע, עסנדיק אין חמשה עשר בשבט די ארץ־ישראל־פרוכט, איז געווען געמישט מיט צער. מיר האָבן געהאַט פאַרדרוס, וואָס די פרוכט איז ניט אונדזערע, וואָס פרעמדע הענט האָבן די ביימער באַארבעט. ביז מיט 70 יאָר צוריק איז אין ארץ־ישראל געווען זייער ווייניק יידישע פאַרמערס. אין הייליקן לאַנד אַריין זענען מערסטנס געפאָרן אַלטע לייט כדי דאָרט צו שטאַרבן און אויסצומיידן „גלגול מחילות". יונגע מענטשן זיינען זייער זעלטן געפאָרן אין לאַנד פון די אָבות.

פאַר די לעצטע צוויי דורות האָט זיך די לאַגע שטאַרק געביטן. איצט האָבן מיר אין ארץ־ישראל פיל שטעט און דערפער, וואָס זענען באַוווינט נאָר פון יידן. יעדעס יאָר קומען אַריין טויזנטער יידן פון פאַרשידענע לענדער, פון נאָענט און וויט. אין ארץ־ישראל ווערט דער יום־טוב „ט"ו בשבט" געפייערט אויף אַ פראַכטפולן אופן. אַלע שול־קינדער מאַרשירן מיט מוזיק צו געוויסע פלעצער, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן פאַר פלאַנצן ביימער. עס ווערט געלייענט אַ מגילה מיט געהעריקע פסוקים וועגן דער וויכ־טיקייט פון ביימער פאַרן לאַנד און די איינוווינער. די קינדער פלאַנצן דאַן ביימלעך ביי אַ פאַסנדיקער צערע־מאָניע.

אין די אָריענטאַלישע לענדער קלייבן זיך יידן צונויף חמשה עשר בשבט אין שול, וווּ מען עסט ארץ־ישראל־פּרוכטן בצבור. דערביי ווערן געלייענט פּסוקים פון תנ״ך און קבלה־ספרים וועגן יעדער פּרוכט, וואָס מען עסט. אין אַמעריקע לערנט מען אין דער וואָך פון ט״ו בשבט די געאָגראַפיע פון ארץ־ישראל, שול־קינדער זינגען העברעישע לידער און עס ווערן איינגעאָרדנט פאָרשטעלונגען לכבוד חמשה עשר בשבט.

אַט דער יום־טוב, אויסער וואָס ער איז אַ נאַציאָנאַלער פאַקטאָר אין אונדזער לעבן, איז ער אויך אַ נאַטור־יום טוב. אַ **ראש השנה לאילנות,** אַ ניי יאָר פאַר די ביימער און אַנדערע צמחים. אין חמשה עשר בשבט ענדיקן זיך די ווינטער־רעגנס, און די פּרוכט, אַלץ וואָס הייבט אָן וואַקסן נאָך חמשה עשר בשבט געהערט צום קומענדיקן יאָר.

די אַנטיסעמיטן פון אַלע צייטן און לענדער פלעגן זאָגן, אַז מיר האָבן פיינט די נאַטור, מיר האַסן ערד־אַרבעט, מיר פאַרשטייען ניט די שיינקייט פון בלומען, מיר קענען ניט אָפּשאַצן די רייכע פאַרבן פון דער נאַטור, אַז אונדזער גאַנצער כוח איז נאָר אין מסחר, אין ביזנעס, אין מאַכן געלט, — צו קיין פּראָדוקטיווער אַרבעט טויגן מיר ניט.

קומט דער היינטיקער יום טוב **חמשה עשר בשבט** און מאַכט צו גאָרניט זייערע טענות. **ניין!** ענטפערן מיר, מיר האָבן ליב די נאַטור מיט אַלע אירע רייכע פאַרבן. ערד־אַרבעט און אַלץ וואָס איז מענטשלעך איז אויך אונדז ניט פרעמד. אמת, הונדערטער יאָרן זענען מיר געווען דערווייטערט פון דער נאַטור, דערווייטערט פון ערד־אַרבעט, אָבער מיר זענען אין דעם ניט שולדיק. אונדזערע אונטערדריקער האָבן אונדז פאַרשפּאַרט אין פינצטערע געטאָס, אַרומגעצוימט מיט שטיינערנע ווענט, מיר זאָלן אַפילו די זון־שטראַלן

ניט קענען זען. ניט קוקנדיק אויף די הונדערטער יאָרן פון אָפּגעשלאָסנקייט אין געטאָס איז ביי אונדז יידן פאַרבליבן אַ בענקעניש נאָך דער נאַטור, נאָך די ברייטע שליאַכן פון פעלדער און וועלדער, נאָך בלומען און פלאַנצונגען — און מיר פייערן יעדעס יאָר ביחידות און בצבור דעם נאַטור־יום־טוב **„ראש השנה לאילנות"**.

חמשה עשר בשבט איז אויך אַ שיינער קינדער־יום־טוב. אין די חדרים פלעגט מען דעם טאָג ניט לערנען קיין נייע למודים, נאָר זיך משמח געווען מיט פירות פון ארץ־ישראל. אונדזערע קינדער, אפילו אין די גלות־לענדער, האָבן גע־שפּילט אַ וויכטיקע ראָלע אין די פייערונגען פון אונדזערע ימים טובים. **פּסח** האָבן די קינדער געפרעגט די 4 **קשיות**. **ל"ג בעומר** האָבן זיי געשפּילט מיט **פייל־און־בויגן** הינטערן שטאָט. **שבועות** — דעקאָרירט מיט **גרינס** די הייזער. **סוכות** — געטראָגן דעם **אתרוג** צו שכנים. **חנוכה** — געשפּילט מיטן **דריידל** און **פּורים** געשלאָגן המנען מיטן **גרעגער**. אונדזערע עלטערן האָבן אויף אַזאַ אופן צוגעוווינט די קינדער אָנטייל צו נעמען אין דער שמחה פון אונדזערע שיינע ימים טובים.

ווען מיר עסן חמשה עשר בשבט די טייטלען, דאַרפן מיר געדענקען, וואָס אונדזערע חכמים ז"ל זאָגן וועגן דער ענלעכקייט פון יידישן פאָלק צום טייטלבוים. אונדזער פאָלק, זאָגן זיי, איז געגליכן צו אַ **תמר**, צו אַ טייטלבוים (צדיק כתמר יפרח). אַ תמר האָט אַ זייער מערקווירדיקע אייגנשאַפט: **אין אים איז קיין פּסולת ניטאָ**, אַלע טיילן פון בוים זיינען **נוצלעך**. די פּרוכט עסט מען; מיט די לולבים בענטשט מען; פון די פעדעם אַרום בוים מאַכט מען שטריק: דעם גרעבערן טייל פון תמר באַנוצט מען פאַר בוי־מאַטע־ריאַל — אַלע טיילן פון תמר ווערן פּראַקטיש אויסגענוצט. די ענלעכקייט פון יידן צום תמר איז די, וואָס עס איז ניטאָ קיין פּסולת אין אונדזער פאָלק, אַלע זענען ביי אונדז גע־

לערנטע, עס זיינען דאָ בעלי **מקרא,** בעלי **משנה,** בעלי **גמרא** און בעלי **הלכה.** און די וואָס קענען ניט לערנען זיינען עוסק אין **צרכי צבור,** באַשעפטיקן זיך מיט איינאָרדענען **בתי יתומים, מושבי זקנים** און **תלמוד תורות.**

אויף אונדזערע עלטערן ליגט איצט אַ הייליקער חוב צו זען, אַז דער משל, די־אַ פאַרגלייכונג פון אונדזער פאָלק צום טייטלבוים, זאָל ניט פאַרלירן דעם רייכן אינהאַלט און באַדייטונג. אונדזערע עלטערן דאַרפן זאָרגן, אַז אונדזערע קינדער זאָלן טאַקע זיין בעלי מקרא, בעלי משנה, בעלי גמרא און בעלי הלכה, — עס זאָל ביי אונדז ניט זיין, חלילה, קיין בורים ועמי ארצים. יעדעם קינד זאָל גיין אין תלמוד תורה פון 6 יאָר אָן, דעמאָלט ווען ער הייבט אָן צו גיין אין דער רעגירונגס־שולע, און ניט ווארטן מיט דעם יידישן חינוך ביזן **„בר־מצווה"**־עלטער. אונדזער אוראַלטע קולטור קען מען ניט דערלערנען אויף איין פוס. דאָס פאָדערט אַ סך יאָרן פון לערנען און שטודירן.

דער טייטל האָט נאָך אַן אייגנשאַפט: ער קלעפּט זיך צו צו זיין ברודער... זאָל ער אונדז דינען אַלס סימבאָל, אַלס דוגמה, אַז ביי אונדז יידן זאָל אויך זיין ברידערלעכקייט, אחדות, מיר זאָלן מקיים זיין די מצווה פון **„ואהבת לרעך כמוך",** מיר זאָלן איינע די אַנדערע העלפן אין אַ נויט, אין אַן עת־צרה. אונדזערע קינדער זאָלן ניט אָפּגעפרעמדט ווערן פון אונדזער פאָלק, זיי זאָלן פאַרבלייבן **אונדזערע.**

אויב מיר וועלן מקיים זיין דעם פסוק **„צדיק כתמר"** און אָנהאַלטן די ענלעכקייט צום תמר, ווי די חז"ל דריקן זיך אויס, ווען אונדזערע קינדער וועלן זיין למודי ה' און צווישן זיי וועט ניט זיין קיין פסולת, קיין עמי־הארצים, — וועט מקויים ווערן דער פסוק **„כי כימי העץ ימי עמי"** (ישעיהו ס"ה, כ"ב) אויך דער פסוק **„כאלה וכאלון, אשר בשלכת**

**מצבת בם"** (ישעיהו ו׳, י"ג) אַז אונדזער פאָלק וועט זיין אַן אייביק פאָלק, און אויב אייניקע טרוקענע צווייגן וועלן אַראָפּפאַלן פון אַלטן בוים, וועלן נייע, געזונטערע צווייגן אויסשפּראָצן... און מיר וועלן זוכה זיין צו פייערן ט"ו בשבט אין דעם לאַנד פון תמר — אין ארץ־ישראל...

# פורים

פורים איז דער פריילעכסטער פון אַלע ימים טובים. דער איינציקער יום טוב, וואָס קען זיך פאַרגלייכן מיט פורים אין פריילעכקייט איז **שמחת תורה**. פורים האָט ניט קיין שום באַגרענעצונגען: איר מעגט עסן וואָס איר ווילט און ווו איר ווילט; איר מעגט אַרבעטן און אויך גוט פאַרברענגען אייער צייט, איר מעגט מאַכן אַ גוטן „**לחיים**" און האָבן דערביי אַ **מצווה**...

פרעגט זיך די פראַגע: פאַרוואָס פאַרדינט זיך ניט דער פריילעכער יום טוב פורים דעם כבוד, וואָס אַלע אַנדערע ימים טובים האָבן? אין אַלע ימים טובים זאָגט מען **הלל** און **יעלה ויבוא ביים דאַווענען**, — אין פורים דאַוונט מען ווי אין אַ וואָכעדיקן טאָג, מען פטרט אים אָפּ מיט אַ קורצן **על הנסים** און אַ **שושנת יעקב** — דאָס איז אַלץ... מיט וואָס איז **חנוכה** מער יחסן ווי פורים? חנוכה זאָגט מען הלל גאַנצע 8 טעג און פורים אַפילו 1 טאָג אויך ניט? סיי חנוכה און סיי פורים ווערן געפּייערט צוליב די נסים ונפלאות, וואָס זענען געשען מיט אונדזער פאָלק אַמאָליקע יאָרן — **בימים ההם בזמן הזה**. טאָ פאַרוואָס שטייט פורים אויף אַ נידעריקערער מדרגה ווי חנוכה?...

דער תירוץ איז, אַז פאַרשידן זענען די ניסים פון חנוכה און פורים, גאַנץ אַנדערש איינע פון די אַנדערע. חנוכה זענען די יידן ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און גע־וואַרט אויף אַ **נס** מן השמים. די מכבים זענען ניט געגאַנגען צו אנטיוכס הרשע בעטן ער זאָל רחמנות האָבן אויף די יידן, זיי האָבן זיך ניט באַגנוגנט מיט פאַסטן און זאָגן תהלים... די מכבים האָבן מיט דער שווערד אין האַנט מלחמה

געהאַלטן מיט דעם גרויזאַמען שונא, האָבן געקעמפט ווי העלדן, ווי גבורים, זיי האָבן זיך מוסר נפש געווען פאַר זייער פאָלק און תורה — און גאָט האָט זיי געהאָלפן באַזיגן אַ גוט באַוואָפנטע און שטאַרקע אַרמיי. דער נס-חנוכה איז אַ נס פון גבורה, פון העלדנמוט — לכבוד אַזאַ נס פאַסט צו זאָגן הלל און פייערן גאַנצע 8 טעג מיט צינדן ליכט...

פורים, אָבער, האָבן די יידן ניט געשטעלט קיין ווידער-שטאַנד, זיי האָבן זיך פאַרלאָזט אויף אסתר׳ס שתדלנות און אויף דעם רחמנות-געפיל פון אַ מלך טיפּש... ווען דער נאַרי-שער קעניג אחשורוש וואָלט ניט געגעבן די יידן די דער-לויבעניש צו באַשיצן זיך פון די פּאָגראָמשטשיקעס, ווען ער שיקט ניט קיין נייע בריוו צו די הערשער פון די 127 מדינות, וואָס האָבן מבטל געמאַכט זיינע ערשטע בריוו, — וואָלט מען, חלילה, אויסגעשאָכטן אַלע יידן ווי שעפסן... דער נס איז געווען, וואָס דער גורל איז געפאַלן אויף דעם חודש אדר אומצוברענגען די יידן, — איז דאָך געווען גענוג צייט, גאַנצע 11 חדשים, צו שיקן אַנדערע בריוו צו די הערשער פון אַלע מדינות, און אויך פאַר די יידן צו פאַרמירן אַ זעלבשוץ. פורים איז אַלזאָ ניט קיין העלדן-יום-טוב ווי חנוכה, — פורים איז אַ רחמנות-יום-טוב פון נעבעכדיקע יידן. הלל מעגן זאָגן נאָר גבורה-יידן, וואָס זענען טאַקע מתפלל צו גאָט, אָבער זיי באַווייזן אַליין אויך זיך צו העלפן אין אַן עת צרה, ניט וואַרטנדיק אויף חסד לאומים...

כמעט אַלע אונדזערע יום טובים סימבאָליזירן דעם כאַ-ראַקטער, די טבע פון אונדזער פאָלק ישראל. פסח סימבאָ-ליזירט אונדזער ליבע צו פרייהייט, — אין יעדער רעוואָלו-ציע האָבן אחינו בני ישראל גענומען אָנטייל. שבועות סימ-באָליזירט אונדזער ליבע צו דער תורה, צו געלערנזאַמקייט, צו פאָרשן און שטודירן — והגית בו יומם ולילה... סוכות און חמשה עשר בשבט כאַראַקטעריזירן אונדזער ליבע צו דער

נאַטור, צוביימער און בלומען. מיר בענטשן סוכות אויף ארבעה מינים: אתרוג, לולב, הדסים און ערבות. חמשה עשר בשבט — **ראש השנה לאילנות** פייערן מיר מיט פלאַנצן ביימלעך דורך אונדזערע קינדער. מיר זענען זיי מחנך צו ליבע צו די ערד־פּירות.

אַלע אונדזערע ימים טובים האָבן זייער מקור אין אונדזער אינערלעכן לעבן, אין די טיפענישן פון דער יידישער נשמה. אַלע זיינען זיי פאַרבונדן מיט אונדזער הייליק לאַנד: אַלע פּאַסירונגען זענען פאָרגעקומען אין ארץ־ישראל, אָדער אויפן וועג צו איר. פּורים איז דער איינציקער **גלות**־יום טוב, וואָס ציט זיין יניקה פון **שנאה**־קוואַל, פון שנאת עולם לעם עולם, פון דער אייביקער שנאה צום אייביקן פאָלק.

אין די פּיוטים פון פּורים ווערט געזאָגט, אַז פּורים וועט קיינמאָל ניט בטל ווערן, אַפילו ווען אַלע אַנדערע ימים־טובים וועלן יאָ בטל ווערן. אין אָט די ווערטער ליגט אַ טיפער געדאַנק: אַז אַפילו ווען די יידן זאָלן זיך אַסימילירן און פאַרגעסן זייערע אַלע ימים טובים, וועט פּורים פון דעסטוועגן ניט פאַרגעסן ווערן, ווייל די גויים אַליין וועלן עס זיי דערמאָנען. המנ׳ס וועלן קיינמאָל ניט אויספעלן, ווייל זיי אָנערקענען ניט קיין אַסימילאַציע, אפילו שמד אויך ניט... היטלער הרשע האָט פאַרניכטעט אַפילו אור־אייניקלעך פון משומדים...

אין אחשורוש׳ס צייטן זענען די מערסטע יידן געווען אַסימילירט. ביי דער פייערונג פונעם קעניגס 3־יאָריקן יובילעאום, האָבן די יידן געגעסן טרפות און געפירט זיך ווי אַלע אַנדערע נאַציעס פון די 127 מדינות... דאָך האָט אחשורוש, אויף דעם פאַרלאַנג פון איין המן, אַרויסגעגעבן אַ דעקרעט צו פאַרניכטן אַלע יידן פון זיין צעשפּרייטער מלוכה. ער האָט זיך אַפילו ניט מיישב געווען מיט זיינע 7 ראַטגעבער, ווי ער האָט זיך נוהג געווען, ווען ושתי האָט זיך פאַרזינדיקט...

אונדזער 4 טויזנט יאָריקע געשיכטע באַשטעטיקט, אַז אַסימילאַציע איז ניט קיין שוץ קעגן פאַרשידענע המנ'ס, וואָס שטרעבן אונדז צו פאַרניכטן. דעריבער וועט דער יום טוב פּורים קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווערן — עס וועלן זיין פיל פּורים'ס — די גויים וועלן עס אונדז שוין אונטער־טראָגן... איז טאַקע דער דין, אַז מען דאַרף לייענען די מגילה אין אָוונט און אויך אין דער פרי. מיר דאַרפן געדענקען דעם נס פון פּורים ניט נאָר אין פינצטערע צייטן, נאָר אויך אין ליכטיקע צייטן, ווען יידן לעבט זיך גוט, ווען זייערע הימלען שיינען...

דער מדרש דערציילט, אַז המן האָט געוואָלט וויסן, אין וועלכן חודש עס וועט זיין גרינגער צו פאַרניכטן די יידן. ער האָט געגלייבט אין די שטערן פון הימל און אין די מזלות — ער האָט געוואָרפן גורל. יעדער חודש האָט געהאַט עפּעס אַ זכות, אַז אין אים זאָלן יידן ניט אומקומען. איין חודש האָט געהאַט יציאת מצרים, אַ צווייטער חודש האָט געהאַט קבלת התורה — און אַזוי אַלע חדשים פון יאָר.

דער איינציקער חודש, וואָס האָט ניט געהאַט קיין זכות איז געווען דער לעצטער חודש אין יאָר — אדר. אין חודש אדר איז משה רבנו געשטאָרבן. דער חודש שטייט אונטער מזל דגים — פיש־מזל. פיש איז דאָס איינציקע לע־בעדיקע באַשעפעניש, וואָס עסט אויך איר אייגענעם מין. קיין חיה אין דער וועלט, אַפילו דער בלוטיקער טיגער, וועט ניט עסן קיין חיה פון זיין מין. אָן אויסנאַם איז דער פיש און אויך דער מענטש — די קרוין פון אַלע ברואים...

כדי צו באַרייכערן מיט עפּעס אַ זכות, מיט עפּעס הייליקס, דעם חודש אדר, אַז די קומענדיקע המנ'ס אין שפּעטערדיקע דורות זאָלן חלילה ניט אויסנוצן דעם חודש אדר פאַר אונדזער פאַרניכטונג, — האָבן אונדזערע חכמים

באַשטימט צו פּראָקלאַמירן ר״ח אדר אַ שקלים־קאַמפּיין, וואָס הייבט זיך אָן מיט פּרשת שקלים, און פאַלט אויס שטענדיק פאַר פּורים.

ווען דער בית המקדש איז געשטאַנען האָט יעדער ייד געגעבן יעדעס יאָר אַ האַלבן שקל פאַר **בדק הבית**, צו רעמאָנטירן דאָס בית המקדש און צו ברענגען דעם קרבן **תמיד**, וואָס מען האָט אויפגעבראַכט צוויי מאָל אין טאָג, אין דער פרי און אין אָוונט (בין הערביים). נאָך דעם חורבן פון בית המקדש, ווען קרבנות זענען בטל געוואָרן, האָט מען גענוצט די האַלבע שקלים פאַר פדיון שבויים, צו פאַר־ריכטן שאָסייען און בתי קברות און פאַר אַנדערע נייטיקע צרכי צבור.

אין אונדזערע צייטן באַנוצט מען שקלים פאַר קרן קיימת לישראל, צו העלפן יידן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל, אין אַלערליי מושבים און קבוצים; צו פלאַנצן וועלדער און פּרדסים; צו באַפרוכפּערן דעם נגב א.א.וו. פּורים איז באַ־שטימט געוואָרן אַלס טאָג פון **משלוח מנות** צו אָרעמע לייט און צו פריינד. די **חלוצות** נוצן אויס דעם דאָזיקן טאָג פאַר קלייבן מתנות פאַר יתומים אין ארץ־ישראל.

פיל געלערנטע פרעגן: פאַרוואָס האָט די תורה געהייסן געבן נאָר אַ האַלבן שקל און ניט קיין גאַנצן שקל? דער שקל איז אַ קליינע מטבע און יעדער ייד וואָלט עס געקענט צאָלן אָן שוועריקייט. דער תירוץ איז, אַז דער מחצית השקל איז אַ סימבאָל צו ווייזן, אַז יעדער איז נאָר אַ טייל, אַ חלק, פון אַ גאַנצקייט. יעדער פּרט איז אַ טייל פון אַ כלל. דער מחצית השקל פּראָקלאַמירט, אַז יעדער ייד איז נאָר אַ טייל פון פאָלק, און אַז שלום, אחדות דאַרף און מוז הערשן צווישן אונדז — דאַן וועלן מיר אַלע שונאים אונדזערע מנצח זיין. 10 ריטלעך געבונדן צוזאַמען זענען פיל שטאַרקער ווי צען

באַזונדערע ריטלעך, וואָס איינציקווייז ווערן זיי גרינג צע־בראָכן. אַ דימענט פון צען קאַראַט איז ווערט פיל מער ווי צען דימענטן צו איין קאַראַט יעדער. דער מחצית השקל האָט סימבאָליזירט אחדות, אַלע גלייך, אָרעם און רייך.

דער מדרש דערציילט, אַז ווען גאָט האָט געזאָגט צו משהן, ער זאָל אויפפאָדערן די יידן, אַז יעדעס יאָר זאָל יעדער געבן אַ מחצית השקל, — האָט משה ניט געוווּסט, וואָס פאַר אַ מטבע דאָס איז... האָט אים גאָט געוויזן אַ **מטבע של אש**, אַ מטבע פון **פייער** און געזאָגט צו אים: **כזה יתנו**, אָט אַזאַ זאָלן זיי געבן.

פרעגט זיך: פאַרוואָס האָט גאָט געוויזן משהן אַ מטבע פון פייער און ניט פון זילבער, פון וואָס מען מאַכט די שקלים (שקל כסף)? דער ענטפער איז, אַז די מטבע פון פייער האָט געהאַט אַ טיפע כוונה, אַ טיפן געדאַנק. ווען אַ ייד גיט צדקה פאַר יתומים און אָרעמע לייט, אָדער פאַר מוסדות תורה וחסד, פאַר תלמוד תורות און ישיבות, פאַר בתי יתומים און מושבי זקנים, פאַר ישוב ארץ־ישראל אָדער פאַר אַנדערע צרכי צבור, — איז וויכטיק, אַז ער זאָל דאָס געבן מיט **התלהבות**, מיט יידישן **ברען**, מיטן גאַנצן האַרצן, מיט ליבע און שמחה. מיט **פייער**... אַ צדקה־מטבע דאַרף זיין אַ מטבע של אש, ווי די, וואָס גאָט האָט געוויזן צו משה רבנו.

עס זענען דאָ פאַרשידענע מנהגים און פאַרשידענע לענדער ביי דעם קלאַפּן המנען, ווען מען לייענט מגילת אסתר. אין פיל לענדער איז אַ מנהג אויסצומאָלן אַ צורה פון המן אויף אַ שטיין, וועלכן מען פלעגט רייבן אין נאָך אַ שטיין, ביז די צורה אויף דעם ערשטן שטיין איז אָפּגעמעקט געוואָרן, כדי מקיים צו זיין דעם פסוק „**מחה תמחה את זכר**

**עמלק**״. אין אַנדערע מקומות פלעגט מען מאַכן אַ גרויסן המן פון האָלץ אָדער פּאַפּיר און מען האָט אים פּורים פאַר־ברענט אין שול־הויף. אין ליטע פלעגט מען קלאַפּן מיט גרעגערס, טופּען מיט די פיס, מיט שטיקער האָלץ און מיט שרייערס, בעתן דערמאָנען המן׳ען ביים לייענען די מגילה.

דאָס קלאַפּן המנען איז פאַר אונדז געווען אַ נויטווענ־דיקייט. עס פלעגט זיך ביי יידן אָנקלייבן דורך דעם גאַנצן יאָר אַזוי פיל ביטערניש אין די הערצער, אַז עס איז נייטיק געווען צו האָבן כאָטש איין מאָל אין יאָר אַ **סימבאָלישע נקמה** אין אונדזערע שונאים... יעדער קאָך־קעסל האָט אַ קלאַפּאַן (וואַלוו) אַרויסצולאָזן דאַמף (סטים), כדי עס זאָל ניט פּלאַצן פון צופיל היץ. דאָס קלאַפּן המנען איז געווען אַ מין **„סייפטי־וואַלוו״** — אַ זיכערקייט־קלאַפּאַן, — כדי אונ־דזערע יידישע הערצער זאָלן, חלילה, ניט פּלאַצן פון צופיל ביטערניש...

פּורים איז אויך געווען וויכטיק פאַר דער יידישער קונסט. צוליב דעם פאַרבאָט **„לא תעשה לך פסל וכל תמונה״** האָט ביי אונדזער פאָלק ניט געקענט זיך אַנטוויקלען די קונסט פון מאָלעריי און סקולפּטור. פּורים אָבער איז דער־לויבט געוואָרן צו מאַכן צוקער־געבעקס אין דער פאָרעם און געשטאַלט פון די מגילה־העלדן און פּאַסירונגען. פיל בעקער האָבן דערגרייכט אַ הויכע אַרטיסטישע מדרגה אין דער קונסט פון מאָלן און שניצן.

ווער פון אונדז געדענקט ניט די **פּורים־שפּילער**, וועלכע פלעגן דראַמאַטיזירן די כאַראַקטערן פון די מגילה־העלדן און אויך פון **מכירת יוסף**? — פון די דאָזיקע פּורים־שפּילער האָט זיך אַנטוויקלט דאָס יידישע טעאַטער, און פון די צוקער־פיגורן־בעקערס האָבן זיך אַנטוויקלט פיל מאָלער און סקולפּטאָרן, בכלל אַרטיסטן אויף פאַרשידענע געביטן.

לאָמיר אַלע האָפן, אַז אונדזערע אַלע ימים טובים וועלן ניט פאַרגעסן ווערן, אָבער פורים וועט יאָ פאַרגעסן ווערן, ווען שלום וועט הערשן אויף דער גאַנצער וועלט — און קיין המנס וועלן מער ניט עקזיסטירן, — אַז עס וועט מקוים ווערן דער פסוק **„כי מלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים"...**

# פסח

דער יום טוב פסח האָט עטלעכע נעמען: **חג המצות, חג הפסח, חג החירות, חג האביב.** יעדער נאָמען אַנט־שפּרעכט אַ געוויסע תקופה אין דעם היסטאָרישן לעבן פון אונדזער פאָלק.

ווען מיר זענען געווען אין אונדזער אייגן לאַנד, געלעבט אַ נאַטירלעך לעבן, געזעסן איש תחת גפנו ותחת תאנתו, ווען אונדזער מאַטעריעלע לאַגע איז געווען גוט, — איז דאַן די טרוקענע **מצה** געווען דער זכר פון אָמאָליקן ווונדער פון יציאת מצרים.

אין גלות אָבער, ווען דער **לחם עוני** איז געוואָרן אונ־דזער טאָג־טעגלעך ברויט, איז דער **פסח** געוואָרן דער הויפּט־זכרון פון אָמאָליקן נס. דער קרבן פסח מוז געגעסן ווערן **בבית אחד,** אין איין הויז, און דאָס האָט געדינט אונ־דזער פאָלק אַלס אַ **רמז,** אַז נאָר מיט **אחדות** (בבית אחד), מיט פאַראייניקטע כוחות, וועט אונדזער פאָלק אויסגע־לייזט ווערן פון גלות. **שנאת חנם** האָט געבראַכט **חורבן. אחדות** וועט ברענגען די **גאולה.**

אין דער לעצטער צייט, אין תקופת התחיה, באַקומט דער נאָמען **חג החירות** אַלץ אַ גרעסערע און וויכטיקערע באַדייטונג. אין דעם נייעם ארץ־ישראל, ווו טויזנטער יידן זענען פאַרמערס און באַאַרבעטן די ערד, האָט דער נאָמען **חג האביב** אַ פּראַקטישע באַדייטונג.

פאַר דער דערציאונג פון אונדזערע קינדער איז דער יום טוב פסח באַזונדערס וויכטיק. כמעט דער גאַנצער סדר ווערט איינגעאָרדנט צוליב די קינדער. איינער פון אונדזערע חכמים ז״ל זאָגט, אַז ערב פסח זאָל מען די קינדער טיילן

ניסלעך, כדי זיי זאָלן ניט שלאָפןביים סדר און קענען פרעגן די קשיות.

די וויכטיקסטע זאַך אין חינוך הבנים איז צו ווירקן אויף אונדזערע קינדער זיי זאָלן פרעגן קשיות, אַז זיי זאָלן זיך אינטערעסירן מיט אונדזערע פּראָבלעמען און אידעאַלן, מיט אונדזער עבר און עתיד. די מאָדערנע פּעדאַגאָגיק לערנט אונדז, אַז עס איז ניט וויכטיק, וויפל עמודים אַ קינד האָט אָפּגעלערנט, וויפל ביכער ער האָט דורכגעלייענט. וויכטיקער איז צו שאַפן ביי דעם קינד אַ פאַרלאַנג צו שטודירן דעם באַטרעפנדיקן קעגנשטאַנד, וואָס מיר ווילן ער זאָל לערנען, אַרויסצורופן ביי אים אינטערעס און ווילן צום לערנען.

אָט דער דאָזיקער וועג איז באמת אַ לענגערער, אַ שווערערער, ער פאָדערט מער טאַלאַנט פונעם לערער, מער דערפאַרונג, מער קעקנטעניש, — אָבער אין ס״ה איז ער דער קירצסטער, ווייל די רעזולטאַטן זענען גלענצנדיקע. ווען מען אַקערט און מ׳גראָבט טיפער, וואַקסט מער און בעסער. דרך ארוכה — וקצרה...

צום באַדויערן, לעבן מיר איצט איבער, אין ענין חינוך עברי, אַ זייער שווערע צייט. אונדזערע קינדער האָבן אויפגעהערט פרעגן קשיות. זיי אינטערעסירט לגמרי ניט אונדזער יידיש לעבן. זיי זענען אין גאַנצן אָפּגעפרעמדט פון אונדז, צווישן זיי און זייערע עלטערן ליגט אַ תהום... אויב זיי פרעגן יאָ אַמאָל אַ קשיה, איז עס די פראַגע פון דעם רשע אין דער הגדה: „**מה העבודה הזאת לכם?**״ צו וואָס דאַרף מען לערנען יידישקייט אין אַמעריקע? עס וועט סיי ווי ניט ברענגען קיין מאַטעריעלן נוצן אין לעבן...

פאַר די עצמות היבשות, וואָס זאָגן: אָבדה תקוותנו, וועלכע זענען זיך מיאש אין גאַנצן, זעענדיק דעם שווערן מצב, אין וועלכן מיר געפינען זיך איצט — איז אַ הייליקער

חוב זיי צו דערציילן די געשיכטע פון יציאת מצרים — וכל המרבה לספר הרי זה משובח.

די יידישע לאַגע אין מצרים איז געווען כמעט אַ האָפּע־נונגסלאָזע. די טאַטעס זענען צוליב דעם שיעבוד געווען פאַרזונקען אין מ"ט שערי טומאה. די קינדער זענען געווען אַריינגעמויערט **בין החומות**, געווען פאַרשלונגען דורך דער קולטור פון לאַנד, געדינט די זעלבע עבודה זרה'ס, און האָבן פאַרלוירן אַפילו דעם פאַרלאַנג צו אַ פריי לעבן.

פון דעסטוועגן, אַז עס האָט זיך געפונען אַזאַ מאַמע ווי יוכבד, וואָס האָט דערצויגן אַ **משה** מיט געטלעכן גייסט און גרויסער ליבע צו זיין פאָלק, האָט ער אין אַ קורצער צייט, אין די שבתים, וואָס ער האָט אויסגעפועלט ביי פרעה, אויפ־געמונטערט דאָס פאָלק, אויפגעוועקט אין זיי דעם טעם פון חירות, דאָס געפיל פון פרייהייט. אַז די יידן האָבן זיך באַפרייט פון זייער גייסטיקער עבדות, איז שוין דאַן גרינ־גער געווען צו באַפרייען זיי פון זייער קערפּערלעכער קנעכטשאַפט. אויך אין איצטיקן גלות וועט די גייסטיקע גאולה קומען פריער ווי די קערפּערלעכע.

וואָס זאָלן מיר טאָן איצט, כדי צו דערגרייכן גייסטיקע פרייהייט? וואָס זאָלן מיר טאָן, כדי צו פאַראינטערעסירן אונדזערע קינדער מיט יידישע פּראָבלעמען און גייסטיקע פאָלקס־אוצרות?

אויף דער דאָזיקער פראַגע גיט אונדז אַן ענטפער די **שירת הים**, וואָס מיר לייענען אום פסח. אויב מיר ווילן, אַז אונדזערע קינדער זאָלן זיך אינטערעסירן מיט אייגענע פּראָבלעמען, אַז זיי זאָלן אָנהייבן צו פרעגן קשיות, — מוזן מיר זען, אַז אין אונדזערע מוסדות חינוך און דער־ציאונגס־אַנשטאַלטן, זאָל געלערנט ווערן אַ **יהדות של שירה**, אַ יהדות, וואָס איז באַזירט אויף אונדזערע גרויסע קולטור־אוצרות: **תנ"ך, משנה, אגדה** א.א.וו. אַ יידישקייט, וואָס

איז באַזירט אויף **מפטיר**, **קדיש** און **יזכור**, וואָס באַגנוגנט זיך מיט אַ טיי־לעפעלע „דזשודאַיִזם" יעדן זונטיק פרי, — מיט אַזאַ יידישקייט וועלן מיר אין דעם **דור דעה** ווייט ניט דערגיין...

צום באַדויערן פאַרנאַכלעסיקן מיר דעם עלעמענט פון שירה, פון אינטערעס אין אונדזערע תלמוד־תורות. אַלץ וואָס פאַרשענערט און דערמונטערט; אַלץ וואָס שטאַרקט און קרעפטיקט די נשמה פון קינד — ווערט דורך אומוויסנ־הייט אַרויסגעשטויסן פון אונדזערע דערציאונגס־אַנשטאַלטן. וואָס איז דער וווּנדער, וואָס די רעזולטאַטן זענען אַזעלכע קלאָגעדיקע... אונדזערע קינדער וואַקסן ווי ווילדגראָז אויף אַ טרוקענעם באָדן...

ווען דער וואָרעם פון יאוש הייבט אָן צו לעכערן דאָס האַרץ, צוזעענדיק דעם ביטערן מצב אונדזערן מבית ומחוץ, זאָל אונדז דעמאָלט דער אַפיקומן, דער גלות־סימבאָל, דינען אַלס שטיקל נחמה, אַלס דערמוטיקונג אין אונדזער שווערן לעבן. ווי דער אַפיקומן אַזוי איז אויך דאָס יידישע פאָלק צעבראָ־כן, פאַרשטעקט ערגעץ אין אַ ווינקל, אונטערן קישן... ווען מען טרינקט דעם וויין און מ'עסט געשמאַק די קניידלעך, ליגט דער אפיקומן, נעבעך, אין דער פינצטער, אַ צוגעדריקטער, אַ פאַרגעסענער פון אַלעמען. עס אינטערעסירן זיך מיט אים נאָר „גנבים", וואָס ווילן מאַכן געשעפט מיט אים... ווען עס קומט אָבער די צייט פון ברכת המזון, פון בענטשן, ווערט דאַן דער אפיקומן, דער **צפון**, דער וויכטיקסטער טייל פון סדר... אונדזער פאָלק וואַרט שוין אפשר צו לאַנג אויף דעם צפון, אויף דער געבענטשטער צייט, — אָבער לאָמיר האָפן, אַז זי וועט דאָך קומען, זי מוז קומען!

ווען מיר קומען פסח צו **שפוך חמתך**, דאַרפן מיר עפע־נען ברייט די טירן פון אונדזער הויז. זאָל טאַקע דער אַלטער, גוטער אליהו הנביא אַריינגיין צו אונדז, ווי אַ מלאך

פון שלום, פון פרידן. זיין ערשטע ארבעט וועט זיין **„והשיב לב אבות"**... ער זאָל צוריק ברענגען צו אונדזערע טאַטעס דאָס האַרץ, דאָס יידישע האַרץ, וואָס זיי האָבן דאָ אין לאַנד פאַרלוירן... ווען די עלטערן וועלן צוריק באַקומען דעם **לב העברי**, וועלן זיי אָנהייבן זיך אינטערעסירן מיט חינוך הבנים, ווי דאָס האָבן געטאָן אונדזערע זיידעס מדורי דורות. אונדזערע זיידעס פלעגן אָפּגעבן גאַנצע צוויי חדשים אין יאָר צו זוכן אַ גוטן רבין פאַר זייערע קינדער. ניסן און תשרי זענען געווען געווידמעט פולשטענדיק פאַר חינוך. אַפילו דאָרפסלייט פלעגן דאַן קומען אין שטאָט דינגען אַ מלמד פאַר זייערע קינדער.

און אַז דער חינוך וועט זיין אינעם גייסט פון אונדזער גרויסן לערער משה רבנו, די הויפּט־פיגור אין דעם נס פון יציאת מצרים; ווען אונדזערע מאַמעס וועלן נאָכפאָלגן דעם סעמפּעל פון יוכבד, די מוטער פון משה, — וועלן מיר זוכה זיין, אַז עס וועט מקוים ווערן דער פּסוק **„כימי צאתך מארץ מצרים עוד אראנו נפלאות"**, אַז מיר וועלן נאָך זען פיל וווּנדערלעכע זאַכן אין אונדזער לעבן, ווי אין דער צייט פון יציאת מצרים. מיר וועלן אויך זוכה זיין צו זען דעם ליכ־טיקן שטערן, וואָס האָט זיך לעצטנס באַוויזן אויף אונדזער הימל, ער זאָל ווערן דער **עמוד האש**, וואָס וועט וואַרעמען און מונטערן יעדעס יידישע האַרץ, באַלייכטן און באַשיינען אַלע ווינקעלעך פון אונדזער לעבן — אָמן סלה, כן יהי רצון!

# שבועות

מיר פייערן היינט דעם תורה־יום־טוב פון אונדזער פאָלק, דעם וויכטיקסטן פון אַלע שלוש רגלים. אויף דעם יום טוב האָבן מיר אויסגעקוקט די אויגן און געציילט די טעג אין משך פון גאַנצע זיבן וואָכן.

עס זענען פאַראַן דריי מינים פרייהייטן: פּאָליטישע, גייסטיקע און עקאָנאָמישע. דער יום טוב פסח רעפּרעזענ־טירט אונדזער פּאָליטישע פרייהייט, דעמאָלט האָבן מיר אויפגעהערט צו זיין קנעכט ביי אַן אַנדער פאָלק. שבועות רעפּרעזענטירט אונדזער רוחניותדיקע, גייסטיקע פרייהייט, מיר האָבן דאַך דאַן באַקומען אונדזער קאָנסטיטוציע אויפן באַרג סיני. סוכות רעפּרעזענטירט אונדזער עקאָנאָמישע פריי־הייט, ווען אונדזער תבואה איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין שייער און מיר האָבן זיך באַפרייט פון דאגת פרנסה אויף אַ גאַנץ יאָר.

בלויז פּאָליטישע פרייהייט איז פאַר אַ פאָלק נישט גענוג. מיר זעען, אַז פיל פּאָליטיש־פרייע פעלקער זענען פאַרדאָרבן ביזן ביין. ביי זיי געפינען מיר רציחה, גניבה, גזילה, און אַלדאָס בייז. פיל וויכטיקער איז די גייסטיקע פרייהייט. די משנה דריקט זי אויס **„והמכתב מכתב אלוקים חרות על הלוחות, אל תקרא חרות, אלא חירות, שאין לך בן חורין, אלא מי שעוסק בתורה"...** די גייסטיקע, די אמתע פרייהייט, וואָס קומט דורך לערנען תורה. דעריבער האָט מען געבראַכט פסח דעם עומר פון שעוֹרים, וואָס איז אַ מאכל בהמה, צו ווייזן, אַז גשמיות'דיקע פרייהייט קען אויך פילן אַ בהמה. שבועות אָבער האָט מען געבראַכט די שתי הלחם פון חטים, וואָס איז אַ מאכל אדם, כדי אונטערצו־

שטרייכן, אַז גייסטיקע פרייהייט איז פון אַ פיל העכערער מדרגה...

דער חג התורה פון אונדזער פאָלק לייגט אויך אַרויף אויף אונדז גרויסע חובות און פליכטן. דער **נעשה** איז פיל וויכטיקער ווי דער **נשמע**. צוזאָגן איז נישט שווער, אָבער מקיים זיין די מצוות פון דער תורה איז דער עיקר העיקרים. וויכטיקער אָבער פון אַלץ איז דער „**ושננתם לבניך**", איבער־צוגעבן אונדזערע קינדער די גייסטיקע ירושה, וואָס מיר האָבן געירשנט פון אונדזערע עלטערן און זיידעס.

די גמרא זאָגט אין ראש השנה: „**בארבעה פרקין העולם נדון. בעצרת — על פירות האילן**". אום יום טוב שבועות, וואָס רופט זיך „**עצרת**" ווערט געמשפּט די פּרוכט פון דיביימער. דעריבער איז אַ מנהג צו באַפּוצן אום שבועות אונדזערע שולן און היימען מיט גרינס. ווער פון אונדז געדענקט נישט, ווי מיר פלעגן גיין שניידן גרינע צווייגן און בלעטער און אויספּוצן מיט זיי דאָס גאַנצע הויז? **האדם עץ השדה** — דער מענטש איז געגליכן צו אַ בוים. די פּרוכט פון בוים, די פּירות האילן, סימבאָליזירן אונדזערע קינדער. היינט, אין דעם טאָג פון מתן תורתנו, דאַרפן מיר זיך אָפּגעבן אַ חשבון הנפש און פרעגן זיך אַליין: וואָס טוען מיר, אַז די תורה זאָל נישט פאַרגעסן ווערן פון אונדזער קומענדיקן דור? מיר זענען געקומען היינט „מזכיר נשמות" זיין, דערמאָנען די נשמות פון אונדזערע עלטערן. עס איז אויך וויכטיק צו דערמאָנען די נשמות פון אונדזערע לעבעדיקע קינדער... וואָס טוען מיר, כדי זיי זאָלן פאַרבלייבן **אונדזערע**, ביי אונדזער פאָלק?

צום באַדויערן ווייסט נישט די גרעסטע צאָל קינדער ביי אונדז אין שטאָט אַפילו דעם „אלף בית", ווי מיר וואָלטן געווען אַ ציגיינער־פאָלק. אַ סך פון די, וועלכע גיבן מכלו־מרשט יאָ אַ יידישע דערציאונג, באַגנוגענען זיך מיט איין

מאָל אַ וואָך אין אַ „סאָנדיי סקול", ווו די מערסטע לערער ווייסן אַליין זייער ווייניק... מאַנכע באַגנוגענען זיך בלויז מיט אַ מפטיר צו בר־מצווה — און נאָכהער ווערט מקוים דער פסוק „יפטירו בשפה — יניעו ראש", אָפּגעמפּטירט, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, און אַ סוף צום גאַנצן חינוך־לא־חינוך...

מיר בויען שיינע שולן, מיר שניצן אויס שיינע אָרונות קודש, מיר באַפּוצן די ספרי תורה מיט טייערע מענטעלעך, אָבער מיר לערנען ניט דעם אינהאַלט פון די ספרי תורה; מיר גיבן אַ קוש אַ תנ"ך וואָס פאַלט אַראָפּ, אָבער מיר לערנען אים ניט. עס וואַקסט אַ דור פון עם־הארצים — דאָס איז די ערגסטע קללה פאַרן פאָלק.

מיר לעבן איצט איז אַ מבול־צייט. אַ מבול פון פייער, בלוט און טרערן... אונדזערע תורה־צענטערס זענען חרוב געוואָרן און פיל פון אונדזערע ברידער און שוועסטער זענען שוידערלעך אומגעקומען. מיר דאָ, אין פרייען לאַנד, זענען די איינציקע, וואָס קענען עפּעס טאָן פאַר יידישקייט, פאַר תורה, כדי זי זאָל נישט פאַרגעסן ווערן פון פאָלק ישראל.

צו געבן די קינדער אַ ריכטיקע יידישע דערציאונג אין אַ גוטער תלמוד תורה, ביי לערער תלמידי חכמים, — איז די בעסטע אינוועסטיציע פאַר עלטערן. מיר לעבן איצט אין אַן עת־צרה פאַר אונדזער פאָלק; יידנהאַס איז פאַרשפּרייט אומעטום, אַפילו אין די קאָלעדזשעס. מיר מוזן געבן אונדזערע קינדער אַזאַ יידישע דערציאונג, וואָס זאָל זיי שטאַרקן און געבן מוט ניט צו פאַרלירן די האָפענונג אויף אַ ליכטיקערע צוקונפט.

אויף דעם פסוק „**ויתייצבו בתחתית ההר**" זאָגן די חז"ל: „**כפה עליהם הר כגיגית ואמר להם: אם תקבלו את התורה — מוטב, ואם לא — כאן תהיה קבורתכם**"... פרעגט מען אַ קשיה: ס'טייטש, די יידן האָבן דאָך געזאָגט: „**נעשה ונשמע**", צו וואָס אַזאַ סטראַשונעק? צו וואָס דאָס קלאַפּן

אין אַן אָפּענער טיר?... דער ענטפער איז, אַז די ווערטער פון די חז״ל האָבן אַן אַנדערע כוונה, אַן אַנדערן מיין: אויב איר וועט ניט לערנען די תורה, וועט איר ניט האָבן די נייטיקע גייסטיקע וויטאַמינען, די נייטיקע גייסטיקע שטאַרקייט בייצושטיין די גרויסע שטורעם־ווינטן, וואָס וועלן פון צייט צו צייט אייך באַדראָען; אָן תורה וועט איר ניט האָבן קיין מוט אַריבערצוטראָגן די צרות אין די גלות־לענדער.

און אַז מיר וועלן דערציען אונדזערע קינדער אין דעם גייסט פון משה רבנו, דער העלד פון היינטיקן יום טוב, — וועלן מיר זוכה זיין, אַז דער עמוד האש, וואָס האָט באַלויכטן אונדזער וועג אינעם מדבר, אויפן וועג פון מצרים קיין כנען, — וועט אויך בימינו באַלייכטן אונדזער וועג אין דעם מדבר העמים, אין וועלכן מיר געפינען זיך... מיר וועלן אויך זוכה זיין צו פייערן דעם תורה־יום טוב אין אונדזער אייגענעם לאַנד, ארץ־ישראל.

# איינלייטונג צו פּרקי אבות

פון אַלע 63 מסכתות פון דער משנה איז די מסכת אבות די פּאָפּולערסטע, די מער באַוווּסטע ביים יידישן פאָלק. די מסכתא איז גאַנץ אַנדערש אין כאַראַקטער פון אַלע אַנדערע מסכתות. די משנה איז אַ קאָדעקס פון געזעצן, פון חוקים ומשפּטים, ווי אַזוי דער ייד דאַרף זיך פירן אין לעבן. די משנה איז מערסטנס אַ געזעץ־בוך, וואָס האָט צו טאָן מיט לעגאַלע ענינים.

גאַנץ אַנדערש איז די מסכתא אבות. אבות אַנטהאַלט אין זיך ניט קיין געזעצן, קיין דינים, אבות אַנטהאַלט אין זיך נאָר מאָראַלישע און עטישע געדאַנקען, וואָס זענען אין דעם קלאַס פון „**לפנים משורת הדין**". אבות אַנטהאַלט אין זיך קורץ־געפאַסטע אַפאָריזמען, פול מיט לעבנס־חכמה, פון מער ווי 60 חכמים. פיל געדאַנקען זענען אַנאָנימע, מען ווייסט נישט ווער ס'איז געווען זייער מחבר.

אין דער גאַנצער משנה האָבן אָנטייל גענומען מער ווי צוויי הונדערט חכמים (תנאים), וועלכע האָבן געלעבט צווישן יאָר 300 פאַר דער אַלגעמיינער צייט־רעכענונג ביזן יאָר 200 נאָך דער אַלגעמיינער צייט־רעכענונג — אומגעפער פינף הונדערט יאָר האָט געדויערט די שאַפונג פון דער משנה.

די דאָזיקע מסכתא — האָט אַנטהאַלטן נאָר פינף פרקים, דער זעקסטער פּרק, קנין תורה, איז צוגעגעבן געוואָרן שפּע־טער, ווייל צווישן פּסח און שבועות זענען דאָס זעקס שבתים. דער נאָמען **פּרקי אבות** האָט געגעבן גראָד אַ גוי מיט דעם נאָמען ריימאָנד מאַרטיני, וואָס האָט געלעבט אין 13טן יאָרהונדערט.

די באַדייטונג פון דעם וואָרט „**אבות**" ווערט געוויינלעך

פאַרשטאַנען: עלטערן, גייסטיקע פאָטערס, לערער פון פאָלק ישראל. אַ לערער רופט זיך אין העברעיש אויך **אָב**, ווי אלישע הנביא האָט אָנגערופן זיין רבין אליהו הנביא **„אבי אבי, רכב ישראל ופרשיו"**... די גייסטיקע לערער פון פאָלק ישראל האָבן איבערגעגעבן די טראַדיציע, וואָס זיי האָבן געירשנט פון די קדמונים, פון זייערע אורעלטערן, און אויך זייער לעבנס-שטייגער צו די שפּעטערדיקע דורות. דער גאון **המאירי**, וואָס האָט געלעבט מיט 7 הונדערט יאָר צוריק, דערקלערט, אַז **אבות** באַדייט גרונד-פּרינציפּן פון דער יידישער עטיק און מוסר, ווי דאָס וואָרט **„אבות"** ווערט פאַרשטאַנען אין **„אבות נזיקין"** אָדער אין **„אבות מלאכות"**...

דער **„בינה לעתים"** דערקלערט, אַז די מסכתא רופט זיך **„אבות"**, ווייל זי איז הויפּטזעכלעך צוגעפּאַסט פאַר עלטערן, וואָס האָבן קינדער צו דערציען.

אבות איז ניט קיין סיסטעמאַטישער ספר פון עטיק, פון מוסר היהדות. עס איז אַ זאַמלונג פון קלוגע אַפאָריזמען צונויפגעקליבן דורך אַ שפּעטערדיקן רעדאַקטאָר. אבות איז אויך ניט דער איינציקער ספר פון דעם מין. עס זענען דאָ נאָך איניקע, ווי **„אבות דרבי נתן"**, **„שמונה פרקים להרמב"ם"** און אַנדערע. די זאַמלונג פון משלי-מוסר האָט נאָך אַ נאָמען. **משנת חסידים**, אַ קורס פון לעבן ערלעך, באַזיצן גוטסקייט און מענטשן-ליבע.

איינער פון די חסידי אומות העולם, פון די ערלעכע גויים, פּראָפעסאָר מור, זאָגט, אַז עס איז ניטאָ אין דער גאַנצער וועלט-ליטעראַטור אַזאַ קוואַל פון עטישע און מאָ-ראַלישע געדאַנקען, ווי די, וואָס געפינען זיך אין דער קליי-נער מסכתא אבות. די טיפע געדאַנקען פון אבות זענען מערסטנס באַגרינדעט אויף דעם תנ"ך. דער ווילנער גאון זאָגט, אַז אַלע געדאַנקען פון אבות געפינען זיך אין דער תורה. אַ ניט-יידישער געלערנטער גיט פאָלגנדיקן משל:

די תורה איז געגליכן צו אַ ברונעם; די משנה און גמרא שעפּן די וואַסער פון דעם ברונעם, און דער ברונעם ווערט קיינמאָל ניט אויסגעשעפּט...

צו דער פאַרשפּרייטונג פון **פּרקי אבות** האָט געהאָלפן דער פאַקט, וואָס זיי זענען אַריין געוווּמען געוואָרן אין סדור. וועלכעס יידישע הויז האָט עס ניט געהאַט קיין סדור אין דער אַלטער היים? מען האָט דאָך דאָרטן געדאַוונט דריי מאָל אַ טאָג!... קיין ספר, אַפילו דער תהלים, האָט ניט זוכה געווען צו האָבן אַזאַ שכן ווי דער טייערער סדור. עס זענען פאַראַן סדורים אָן תהלים, אָבער עס איז ניטאָ קיין סדורים אָן פּרקי אבות.

ווען האָט מען אָנגעהויבן צו זאָגן פּרק? דער גאון רב עמרם פון 9טן יאָרהונדערט דערמאָנט, אַז אין בבל האָט מען געזאָגט פּרק יעדן שבת נאָכמיטאָג. אין אייראָפּע פלעגט מען זאָגן פּרק צווישן פּסח און שבועות. מען האָט דעריבער צוגעגעבן נאָך אַ פּרק, קנין תורה, פאַר דעם שבת, וואָס קומט פאַר חג התורה. אין אַנדערע מקומות זאָגט מען פּרק פון פּסח ביז ראש השנה. כדי מסיים צו זיין די מסכתא בכי טוב, האָט מען צוגעגעבן די משנה פון מכות ג׳, ט״ז **„רבי חנניא בן עקשיא וכו׳...״**

פאַרוואָס איז די **מסכתא אבות** אין **סדר נזיקין**? דער רמב״ם דערקלערט, אַז דאָס איז אַ רמז פאַר די שופטים, דיינים און סנהדרין, אַז זיי זאָלן געדענקען אויך דעם **„לפנים משורת הדין״**, דעריבער קומט, אין אייניקע מאַנו־סקריפּטן פון תלמוד בבלי, די מסכתא אבות באַלד נאָך די מסכתא סנהדרין. דער **„מדרש שמואל״** פון דעם ספרדישן גאון **די־אוזידא** דערקלערט עס אויף אַן אַנדערן אופן: דער וואָס וועט לערנען פּרקי אבות, וועט זיך שוין ממילא דער־ווייטערן פון צו זיין פאַרמישט אין **„ארבעה אָבות נזיקין״...**

פאַרוואָס זאָגט מען פּרק אין פרילינג און זומער־צייטן?

דער ענטפּער איז, לויט דעם **מדרש שמואל**, אַז אין די וואַרעמע טעג ווערט די תאווה גרעסער, דאַרף מען לערנען דאַן די „**משנת חסידים**" כובש צו זיין דעם יצר הרע פון מענטשן...
אַ צווייטער טעם פאַר זאָגן פּרקי אבות אין די וואַרעמע טעג פון יאָר: ווייל מענטשן פאָרן דאַן אַרוים אויף דאַטשע, אויף זומער־פּלעצער, צו פאַרבעסערן דעם גוף, — איז דאַן די פּאַסנדיקע צייט אויך צו פאַרבעסערן דעם נפש, דעם גייסט...

פאַרוואָס זאָגט מען פּרק צו מנחה? כדי צו ענדיקן דעם שבת מיט דברי תורה, אַזוי ווי מיר הייבן אָן דעם שבת מיט דברי תורה — מיטן זאָגן **שיר השירים** פרייטיק פאַר נאַכט. צוליב דעם אָנהייבן און ענדיקן דעם שבת מיט דברי תורה, איז דער ספר קוהלת ניט נגנז געוואָרן און איז אַריינגענומען אין די כתבי קודש (תחילתו וסופו דברי תורה).

די מסכתא אבות האָט זייער פיל פּירושים, אַריבער 50. די פּרקי אבות זענען איבערגעזעצט אין אַ סך שפּראַכן. מען לערנט זיי אין פיל אוניווערסיטעטן. די בעסטע פירושים פון יידישע מחברים זענען: **מדרש שמואל** פון די־אוזידא און **כנסת ישראל** פון גאָלדמאַן. פון די ניט־יידישע מחברים צייכענען זיך אוים די קאָמענטאַרן פון הערפאָרד און טיילאָר (אין ענגליש). באַרימטע מאָלער האָבן געמאַכט ציורים און באַפּוצונגען צו מסכתא אבות.

דער מנהג צו זאָגן פּרק יעדן שבת במשך אַ האַלב יאָר צייט, האָט געהאַט אַ גרויסע השפּעה, אַ גרויסע ווירקונג, אויף אונדזער פאָלק. דאָס גאַנצע פאָלק האָט איינגעזאַפּט די עטישע און רעליגיעזע געדאַנקען, וואָס דער דאָזיקער ספר אַנטהאַלט אין זיך. יעדער ייד האָט געפילט אַ נאָענטקייט צו פּרקי אבות. די מאמרים און פּתגמים פון אבות רעדן מיט וואַרעמקייט צום יידישן האַרץ, דעריבער איז זייער השפּעה געווען זייער גרוים. יעדן שבת פלעגן די על־טערן לערנען מיט זייערע קינדער „פּרק". דאָס האָט געבראַכט

דערצו, אַז פיל שפּראַכלעכע, שיינע מאמרים, זענען אַריין אין דער יידישער שפּראַך. אַפילו פּשוטע יידן, ניט קיין לומדים, האָבן געוווּסט דעם אינהאַלט פון אבות, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף דעם יידנס לעבנס־שטייגער.

וואָס איז וויכטיקער: **זאָגן פּרק, אָדער לערנען פּרק?** אויף אָט דער פראַגע ענטפערט דער **„כנסת ישראל"** מיט אַ טרעפלעכן משל: צו אַ געפערלעכן קראַנקן האָט מען אַרויסגערופן אַ באַרימטן פּראָפעסאָר. ער האָט פאַרשריבן אַ רעצעפּט צום נעמען עס 3 מאָל אַ טאָג אין פאַרלויף פון 10 טעג. דער מצב פון חולה איז ערגער געוואָרן און דער מומחה איז גערופן געוואָרן נאָך אַ מאָל. דער פּראָפעסאָר האָט געפרעגט, צי זיין רפואה איז גענומען געוואָרן לויט ווי ער האָט פאַראָרדנט. דער ענטפער איז געווען, אַז דער חולה האָט געגעסן דאָס פּאַפּיר פון דער רעצעפּט 3 מאָל אַ טאָג במשך 10 טעג... קיין ווונדער, זאָגט דער פּראָפעסאָר, וואָס דעם חולה איז ניט בעסער געוואָרן — ער האָט דאָך געגעסן דאָס פּאַפּיר און ניט גענומען די רפואה, וואָס איז געווען פאַרשריבן אויף דעם פּאַפּיר... דער נמשל איז זעלב־פאַרשטענדלעך. די וואָס **זאָגן** פּרק, עסן נאָר פּאַפּיר, אָבער זיי ווייסן ניט דעם אינהאַלט פון פּרק.

יעדער מאמר אין פּרק האָט אַ געוויסע שייכות, אַ געוויסע פאַרבינדונג, מיט דעם מחבר פון מאמר און אויך מיט זיין תקופה (יחס הנאמר אל האומר). אַלסביישפּיל קען דינען דער מאמר פון שמעון בן שטח: **„הוי מרבה לחקור את העדים וכו'"**... ווען מען ווייס, אַז רבי שמעון בן שטח האָט געהאַט אַ גרויסן פאַרלוסט צוליב פאַלשע עדות (מען האָט זיינעם אַ זון פאַרמשפּט צום טויט צוליב פאַלשע עדות), — ווערט זיין אָנזאָגן **„אויסצופאָרשן גוט די עדות"** מער פאַרשטענדלעך...

די מסכתא אבות הייבט זיך אָן מיט דער משנה **„משה**

קבל **תורה מסיני**", צו ווייזן, אַז אונדזער געשיכטע האָט א המשך, פון משה רבנו ביז היינט. יעדע תקופה איז אַ פאָרזעצונג פון דער פריערדיקער. די הוספה פון אָנהייב **"כל ישראל יש להם חלק לעולם הבא"** איז צוגעגעבן געוואָרן צו אבות, ווי דער גאון די־אוזידא זאָגט אין זיין ספר "מדרש שמואל": כדי צו שטאַרקן דעם מוט פון די יידן, וואָס קענען ניט מקיים זיין **אַלע** מצוות, אַז זיי זאָלן זיך ניט מייאש זיין, ווייל יעדער ייד האָט אַ חלק לעולם הבא...

אַן אַנדערע דערקלערונג ווערט געגעבן: אַז **"כל ישראל"** מיינט ניט **יעדער ייד**, נאָר דאָס **גאַנצע פאָלק ישראל**, ווייל איין מענטש קען דאָך ניט מקיים זיין אַלע **תרי"ג מצוות** — עס זענען דאָ מצוות, וואָס נאָר כוהנים קענען מקיים זיין, אָדער וואָס נאָר אכרים, פאַרמערס, קענען מקיים זיין א.א.וו. נאָר דאָס **גאַנצע פאָלק ישראל** (כל ישראל) קען מקיים זיין אַלע מצוות.

די ווערטער **"ועמך כלם צדיקים"** ווערן דערקלערט, אַז אויב דאָס איז **כולם יחד**, אַלע צוזאַמען, אויב עס הערשט אחדות ביי יידן, זענען זיי דאַן **צדיקים**... אַנדערע מפרשים באַהעפטן דעם **"לעולם"** צום גאַנצן פסוק און ער לייענט זיך: **"ועמך כולם צדיקים לעולם"**, און דאָס מיינט, אַז דאָס יידישע פאָלק אין פאַרגלייך מיטן **"עולם"**, מיט דער גאַנצער וועלט, איז **כולם** צדיקים... אויף דעם זעלבן אופן ווערן דערקלערט די ווערטער פון בלק: **"אפס קצהו תראה וכולו לא תראה"**. אַז נאָר אויף **"קצהו"**, אויף אַ טייל פון ישראל, קען מען **געפינען** חסרונות, אָבער ניט אויף **"כולו"**, ניט אויף דעם גאַנצן כלל...

## די יידישע פרוי

די טעמע איז זייער אַ רייכע, זי פֿאָדערט, לפּחות, אייניקע לעקציעס. איך וועל מיך, דעריבער, באַגרענעצן היינטיקס מאָל און באַהאַנדלען דעם קעגנשטאַנד נאָר אין אַלגעמיינע שטריכן פֿון היסטאָרישן כאַראַקטער. צוליבן גרויסן קאָנטראַסט, געפֿין איך פֿאַר וויכטיק צו ווידמען אייניקע מינוט דער לאַגע פֿון דער פֿרוי ביי אַנדערע פֿעלקער, אין מיטלאַלטער.

ביי די גריכן און רוימער איז די פֿרוי געווען פֿאַררעכנט פֿאַר אַן אַרטיקל, וואָס מען קען קויפֿן און פֿאַרקויפֿן. אַ באַרימטער געלערנטער כאַראַקטעריזירט דעם מצב פֿון דער פֿרוי ביי די אַלטע פֿעלקער מיט פֿאָלגנדיקע ווערטער: „די פֿרוי איז באַהאַנדלט געוואָרן ערגער ווי אַ דינסט, באַרויבט פֿון פֿרייהייט און פֿאַרגעניגן"... די פֿרוי האָט געטאָן אַלע שווערע אַרבעטן און דער מאַן האָט גערוט, געזעסן ליידיק. פֿיל-ווייבעריי איז פֿאַר דעם מאַן געווען ניט קיין הוצאה, נאָר אַ הכנסה: די פֿרויען פֿלעגן פֿאַרדינען פֿאַרן מאַן אויף חיונה. די פֿרוי איז געווען אַ מאַשין פֿאַרצוברייטן סאָלדאַטן פֿאַר דעם שטאַט, פֿאַר דער מלוכה. די לאַגע פֿון אַ הפֿקר-פֿרוי איז געווען פֿיל בעסער — זי איז געווען איר אייגענער „בעל-הבית"...

אין ענגלאַנד, אין יאָר 1884, זענען רעקאָרדירט געוואָרן 20 „סיילס" פֿון פֿרויען. דער טעקס אויף אַ פֿאַרקויפֿטע פֿרוי איז געווען נאָר 4 סענט, ווי פֿאַר אַ בהמה. די מענער פֿלעגן פֿירן זייערע פֿרויען אויפֿן מאַרק מיט אַ שטריק אַרום האַלדז ווי אַ בהמה. אין יאָר 1790 איז פֿאַרקויפֿט געוואָרן אַ פֿרוי אין סקאָטלאַנד פֿאַר 3 שילינג. די לאַגע פֿון דער

רוסישער דאָרפישער פרוי, פאַר דער רעוואָלוציע, איז אויך ניט געווען פיל בעסער. זי איז געווען אַזוי צוגעוווינט צו קלעפּ פון איר מאַן, אַז ווען דער מאַן האָט זי ניט געשלאָגן, איז זי געווען אין ספק, צי ער האָט זי ליב...

ביי אונדזער פאָלק ישראל איז די לאַגע פון דער פרוי געווען אַ גוטע אַפילו אין אוראַלטע צייטן, מיט טויזנטער יאָרן צוריק. אויף דעם פּאַפּיר, להלכה, האָט עס אויסגעזען, אַז די פרוי איז פיל-ווייניק באַגרענעצט אין אירע רעכט, — אָבער אין לעבן, למעשה, איז די פרוי געווען מאַנכעס מאָל פיל וויכטיקער ווי איר מאַן.

עס איז אַ פאַקט, אַז די יידישע פרוי האָט גענומען שטענדיק אַ וויכטיקן אָנטייל אין אַלע חשובע מאָמענטן פון אונדזער געשיכטע. ווען עס זיינען נייטיק געווען קרבנות, מסירות נפש, איז די פרוי געווען העלדיש ווי דער מאַן. ניט איין מאָל איז זי געפאַלן טויט צוזאַמען מיט איר מאַן, באַשיצנדיק אונדזערע הייליקייטן. מאַנכעס מאָל האָט די פרוי אַרויסגעוויזן מער העלדישקייט, מער קוראַזש, ווי איר מאַן...

ווען מיר בלעטערן אונדזער פיר-טויזנט-יאָריקע געשיכטע, זעען מיר, אַז די יידישע פרוי האָט שטענדיק גענומען אָנטייל אין אַלע פּאַסירונגען, איבערהויפּט אין די אָנגעלעגנהייטן, וואָס האָבן באַרירט אונדזער קולטורעל לעבן. מיט רעכט קענען מיר זאָגן, אַז די אידעע פון גלייכע רעכט פאַר ביידע געשלעכטן, מענער און פרויען, איז פאַרקערפּערט געוואָרן ביי אונדזער פאָלק נאָך אין די אוראַלטע צייטן, אויב ניט להלכה, אויפן פּאַפּיר, איז עס למעשה, אין לעבן.

די דערציאונג פון קינדער ביז 6 יאָר איז געווען אין די הענט פון די מוטערס. כשרות און טהרת-המשפחה איז געווען אָנפאַרטרויט דער יידישער פרוי. די באַפּוצונג און

באַשיינונג פון אונדזערע שבתים און ימים טובים איז גע־ווען די אַרבעט פון אונדזערע מוטערס און באָבעס. איר געדענקט אַוודאי די האַרציקע תפילות פון דער מאַמעס ליכט-בענטשן, ווען זי האָט געבעטן, אַז די אייגעלעך פון אירע קינדער זאָלן לייכטן אין דער הייליקער תורה, ווי עס לייכטן די שבת-ליכט. פאַר הבדלה האָט די מאַמע געזאָגט די האַרציקע תפילה: **„גאָט פון אברהם, יצחק און יעקב! דער ליבער שבת גייט אַוועק, גיב אונדז אַ גוטע וואָך פון געזונט און פרנסה, פון תורה און יראת שמים"**. וויפל פּערל־דיקע טרערן זענען ביי די תפילות, צו ליכט-בענטשן און הבדלה, פאַרגאָסן געוואָרן... טרערן, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן איינפלוס אויף די קינדער.

ווען מיר עפענען דעם ספר בראשית, דעם ערשטן חומש, לייענען מיר אין דער ערשטער סדרה, אַז גאָט האָט באַשאַפן די פרוי ניט אַלס דינסט צום מאַן, נאָר אַלס אַן **עזר**, אַ העלפער צום מאַן. **„והיו לבשר אחד"** — מאַן און ווייב דאַרפן זיין **„בשר אחד"**, איין קערפּער, איין גוף. אין **העברעאיש** האָבן זיי אפילו איין נאָמען: **איש-אשה**. מיר געפינען ביי דער זייט פון די **אָבות** — אברהם, יצחק און יעקב — וועלכע זענען פאַרהייליקט אַלס די גרינדער פון אונדזער פאָלק, — אויך אונדזערע 4 **אמהות** — שרה, רבקה, רחל ולאה. צווישן די הייליקע קברים אונדזערע פאַרנעמט דער קבר פון רחל אַ זייער וויכטיק אָרט. יידן קומען אויסגיסן זייער האַרץ ביי דער מאַמע רחלס קבר.

ווען מיר בלעטערן אַ ביסל ווייטער אין ספר בראשית לייענען מיר דאָרטן, אַז גאָט האָט געזאָגט צו אברהם, ער זאָל פאָלגן שרהן אַלץ, וואָס זי וועט אים הייסן **„כל אשר תאמר לך שרה שמע בקולה"** (בראשית, כ"א, י"ב). אין די שפּעטערדיקע דורות האָט איינער פון די תנאים געזאָגט:

„**אשתך גוצא — גחין ולחיש לה**", אויב דיין פרוי איז קליין־געוויקסיק, בייג זיך איין און רעד צו איר שטיל...

ביי אַלע פעלקער איז געווען אַ מנהג צו כאַפּן אַ פרוי מיט גוואַלט און חתונה האָבן. ביי אונדז, אָבער, האָט מען רבקה'ן געפרעגט, צי זי וויל גיין מיט יצחקן („**התלכי עם האיש הזה?**", בראשית, כ"ד, נ"ח). אין די שפּעטערדיקע צייטן זענען איינגעפירט געוואָרן טאַנץ־פייערונגען, 2 מאָל אַ יאָר, ווו מיידלעך האָבן זיך געטראָפן מיט בחורים — און שידוכים האָבן זיך דאָרט געשלאָסן פרייוויליק, מיט דער הסכמה פוןביידע געשלעכטער. כדי דאָס אָרעמע מיידל זאָל זיך נישט שעמען מיט אירע אָרעמע קליידער, איז איינגעפירט געוואָרן, אַז יעדעס מיידל דאַרף קומען צו די טאַנץ־ימים טובים אין געבאָרגטע קליידער, נישט אין אירע אייגענע קליידער...

אונדזער פאָטער יעקב האָט נישט געטאָן קיין זאַך, נישט פרעגנדיק די מיינונג פון זיינע פרויען (בראשית ל"א, ד). ווען יעקב האָט באַשטימט צו אַנטלויפן פון לבנען, האָט ער זיך מישב געווען מיט זיינע פרויען. דער הספד פון אברהם אויף שרהס טויט און זיין זוכן אַ פּאַסנדיקן קבר פאַר איר, באַצאָלנדיק אַ זייער גרויסן פרייז פאַר דעם קבר — דאָס אַלץ איז זייער רירנדיק און איינדרוקספול.

אַז מיר עפענען דעם 2־טן חומש — שמות — טרעפן מיר דאָרט 2 יידישע פרויען, וואָס האָבן געשאַפן היסטאָריע: יוכבד און מרים — די מוטער און שוועסטער פון משה רבנו. זיי האָבן גוט פאַרשטאַנען ווי צו האַנדלען אין אַ שווערער לאַגע, אין אַ געפערלעכער סיטואַציע... די רעטונג פון משהן איז געווען פאַרבינדן מיט טיפן פסיכאָלאָגישן פאַרשטאַנד, וואָס די 2 פרויען האָבן אַרויסגעוויזן. די יונגע, אונטער־דריקטע יידישע טאָכטער מרים, ווייזט אַרויס גרויס קוראַזש, צוקומענדיק צו דער מצרישער פרינצעסין אין ריכטיקן מאָ־

מענט, פאַרשטעלנדיק איר מוטער אַלס אַ נוירם פאַר איר קליינעם ברודערל משה. עס האָט געפאָדערט מוט און טאַקט פאַרצולייגן אַזאַ פאָרשלאַג; דערצו איז אויך נייטיק געווען קאַלטקייט, רואיקייט און דראַמאַטישן טאַלאַנט.

יוכבד האָט אין די עטלעכע יאָר, וואָס זי האָט דערצויגן משהן פאַר דער טאָכטער פון פרעה, אריינגעגעבן אין איר קינד אזויפיל יידישקייט, אַזויפיל ליבע צום פאָלק ישראל, אַז נישט קוקנדיק אויף די פיל יאָרן פון לעבן אין אַ פרעמ־דער סביבה, אין אַ פרעמדער קולטור, — איז ער געוואָרן דער באַפרייער פון יידישן פאָלק און זיין גרעסטער מנהיג. דער טאַנץ־פאַראַד מיט מוזיק, וואָס מרים האָט איינגעאָרדנט נאָך קריעת ים סוף, באַווייזט, אַז פרויען האָבן געהאט אַ פרייע האַנט אונטערצונעמען וויכטיקע באַשלוסן און אונטערנע־מונגען. דאָס זעלבע האָט פּאַסירט, ווען דויד האָט באַזיגט גליתן און די פלשתים. די פרויען האָבן דעמאָלט מיט טאַ־לאַנג אָרגאַניזירט אַ גרויסע טאַנץ־פאַרווײַלונג.

ביים בויען די ערשטע שול אין דער מדבר, דעם משכן, האָבן די פרויען געגעבן די גרעסטע נדבות, אויך זייער צירונג. זיי האָבן געשטריקט אַלערליי האַנט־ און קונסט־אַרבעט פון גאָלד־ און זילבער־פעדעם פאַר די כלי המשכן. ווען מרים איז קראַנק געוואָרן אייניקע טעג, האָט די גאַנצע מחנה יידן, פון ששים רבוא, נישט גערירט זיך פון אָרט ביז זי איז געזונט געוואָרן.

די געשיכטע פון צלפחד׳ס טעכטער, איז דער בעסטער באַוויז, אַז פרויען האָבן געקענט זייער שטעטל באַשטיין. די בנות צלפחד האָבן זייערע רעכט כשר פאַרטיידיקט. עס האָט זיך געהאַנדלט װעגן אַ ירושה פון זייער פאָטער, וואָס האָט נישט איבערגעלאָזט נאָך זיך קיין זין — האָבן זיי דערלאַנגט די טענות זייערע צום העכסטן געריכט און געוווּנען די ירושה מיט אַ תנאי, אַז זיי מוזן חתונה האָבן

מיט מענער פון זייער שבט, כדי דאָס לאַנד זאָל נישט אַריבער גיין צו אַן אַנדערן שבט.

צו קבלת התורה, אויפן באַרג סיני, זענען די פרויען איינגעלאַדן געוואָרן די ערשטע, („בית יעקב אלו הנשים"). אין העברעישן ווערט אַ פרוי אָנגערופן **„בית"**, ווייל זי איז דער יסוד, דער פונדאַמענט פון דער פאַמיליע. **„ביתו — זו אשתו"**, זאָגן אונדזערע חכמים. מען האָט שוין דאַן פאַרשטאַנען, אַז אָן פרויען קען מען די תורה נישט אָפּהיטן, ווי מען קען נישט אין די היינטיקע צייטן אויפהאַלטן אַ תלמוד־תורה אָן אַ „ליידיס אַקזיליערי"... אָן דער הילף פון פרויען.

אין די צייטן פון די שופטים, נאָך דעם טויט פון יהושע, טרעפן מיר איינע פון די וווּנדערבאַרסטע יידישע פרויען — דבורה. אין פרידנס־צייטן איז זי געווען אַ נביאה, אַ ריכטערין און אַ פּאָעטין, אַ ליטעראַרישער טאַלאַנט. אין אַ מלחמה צייט, ווען אַ שונא איז באַפאַלן איר שבט, האָט זי זיך געשטעלט אָן דער שפּיץ פון דער אַרמיי. אַלס אַרמיי־קאָמאַנדיר האָט זי אַרויסגעוויזן גרויס העלדישקייט און קוראַזש. איר זיג־פּאָעמע, וואָס זי האָט פאַרפאַסט נאָך איר נצחון אין דער מלחמה, איז פאַררעכנט אַלס אַ פּערל אין דער וועלט־ליטעראַטור.

אין דווידס צייטן טרעפן מיר אייניקע וויכטיקע פרויען: די פרוי פון תקוע — אביגיל, און בת שבע, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף דעם קעניג דויד און אויף דער פּאָליטיק פון יענער צייט. אין שלמה המלך'ס צייטן זענען די פרויען געווען אַ זייער בכבודיקער טייל פון דער געזעלשאַפט, זיי האָבן אפילו פאַרדרייט דעם קאָפּ פון קלוגן קעניג...

אַז פרויען קענען רעגירן מיט דערפאָלג, האָט באַוויזן די באַליבטע קעניגין שלומית אלכסנדרה, פון דער חשמונאים־פאַמיליע. פאַר די 2 יאָר פון איר הערשאַפט האָט דאָס

לאַנד געוואונען פּרעסטיזש. זי האָט געהאַט אַ פיינע אַרמיי און די פיינטלעכע שכנים האָבן געהאַט רעספּעקט פאַר דער יידישער מדינה. דורך איר איינפלוס האָט איר ברודער, שמעון בן שטח, דער נשיא פון סנהדרין, געמאַכט פיל תקנות צו פאַרבעסערן די לאַגע פון פרויען. איינע פון די תקנות איז געווען, אַז די כתובה, וואָס דער מאַן גיט דער פרוי אונטער דער חופה, האָט אַן ערשטן מאַרגעדזש (משכנתא) אויף זיין גאַנצן פאַרמעגן. ווען דאָס פאַרפאָלק צושיידט זיך, גטן זיך, מאָנט די פרוי איין איר כתובה פריער פאַר אַלע בעלי־חובות.

די געשיכטע פון אסתר המלכה, וואָס האָט געראַטעוועט די יידן פון פרס, און די העלדין יהודית, וואָס האָט אַראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ פון אַ גענעראַל, כדי צו מציל זיין איר שטאָט — איז אַלעמען באַוווּסט. ביים חורבן בית שני, אין דער מלחמה מיט די רוימער, האָבן די פרויען געקעמפט גלייך מיט מענער צו באַשיצן דאָס לאַנד. אין די צייטן פון די גזרות, האָבן די פרויען מקדש השם געווען גלייך מיט די מענער. אין פיל פאַלן האָבן די פרויען דערמוטיקט די מענער צו לאָזן זיך בעסער טויטן מיט דער גאַנצער פאַמיליע, איידער זיך צו שמדן.

אין דער תלמודישער תקופה באַגעגענען מיר פיל פרויען געלערנטע אין תלמוד, ווי ברוריה, די פרוי פון רבי מאיר. ס׳זענען באַקאַנט פרויען פון דער געשיכטע, וואָס פלעגן פסקנען שאלות און זאָגן אַ שעור פאַר ישיבה בחורים, ווי רש״י׳ס טעכטער. צווישן די פאַרפאַסערס פון תפילות און תחינות איז באַוווּסט, שרה בת טובים. עס זענען אויך געווען ביי חסידים „רבצינס״, ווי די לודמירער מויד, וואָס האָבן גענומען קוויטלעך און געגעבן ברכות.

אין די לעצטע דורות צייכענען זיך אויס אונדזערע פרויען אויף אַלע געביטן. די יידיש־ענגלישע ענציקלאָפּעדיע

רעכנט אוים עטלעכע הונדערט פּרויען, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין נאַטור־וויסנשאַפט, מעדיצין, אין יוריספּרו־דענץ און ליטעראַטור. בקיצור, אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער געפינען מיר די יידישע פרוי אַלס אַ טיכטיקע מיט־אַרבעטערין מיט איר מאַן.

ביז דעם לעצטן דור, האָט יעדע מוטער געחלומט וועגן קינדער רבנים אָדער לומדים. אין די שטעט, ווו ס׳עם זענען געווען ישיבות, האָבן די מערסטע פרויען געשיקט טעפּעלעך מיט עסן צו די עלטערע ישיבה בחורים, אָדער צו פּרושים. די ייגגערע בחורים פלעגן עסן „טעג״, יעדער טאָג אין אַן אנדער הויז. יידישע פרויען פלעגן זיך באַרימען און שטאָל־צירן מיט ישיבה־בחורים, וואָס עסן ביי זיי „טעג״. אויף די דאָזיקע טעפּעלעך מיט עסן און אויף די „טעג״, האָבן זיך דער־צויגן פיל פון אונדזערע גרעסטע רבנים און געלערנטע.

וואָס איז נוגע דעם הלכה־געזעץ, וואָס זעט פאָר, נאָר אויבערפלעכלעכע באַגרענעצונגען פאַר דער פרוי, אין געוויסע אומשטענדן — ווען מען דרינגט אָבער אַריין טיפער אין ענין, זעען מיר אַז אונדזערע חכמים האָבן זיך אַלעמאָל באַמיט צו באַשיצן די אינטערעסן פון דער פרוי, אָדער צו מאַכן גרינגער איר לאַגע. נעמענדיק אין באַטראַכט די פיזיאָלאָגיע פון דער פרוי — ס׳זענען דאָ צייטן, ווען זי פילט נישט גוט, ווען זי זויגט אַ קינד, אָדער גיט אַכטונג אויף דער פאַמיליע, — האָבן די חז״ל זי באַפרייט פון אַלע מצוות עשה שהזמן גרמא, דאָס הייסט די מצוות, וואָס מען מוז מקיים זיין אין אַ באַשטימטער צייט, וועלכע מען קען נישט אָפּלייגן אויף שפּעטער.

דאָס ירושה געזעץ, אַז נאָר אַ זון ירשנט דעם פאָטער, האָבן די חכמים אַזוי דערקלערט, אַז אין די מערסטע פאַלן איז דער מצב פון דער טאָכטער בעסער ווי פון זון, דעם יורש. די חז״ל האָבן געפּסקנט, אַז איידער דער זון באַקומט די

ירושה, מוז מען באַזאָרגן די טאָכטער מיט **מזונות,** מיט אַלעם נויטיקן, מיט עסן מיט קליידער, ביז דער צייט ווען זי קען זיך אַליין באַזאָרגן, אָדער זי האָט חתונה. ווען די ירושה איז אַ קליינע, זאָגן די חז״ל, אַז די טעכטער באַקומען מזונות און אַלץ וואָס איז זיי נויטיק, און די זין זאָלן גיין איבער די הייזער בעטן נדבות...

די חז״ל האָבן געוואָלט, אַז די ווירדע פון דער פרוי, זאָל נישט אַנגערירט ווערן (כבודה בת מלך פנימה), האָט מען איר דעריבער נישט דערלויבט אַריינגעשלעפּט צו ווערן אין סכסוכים ביים „בית דין", צו זיין אַן עדות פאַר דעם אָדער יענעם צד. אַ פרוי דאַרף לעבן אין רואיקייט אין פאַמיליען־קרייז, נישט האָבן צו טאָן מיט קריגערייען, וואָס דערגרייכן צו אַ משפט ביי דיינים...

# רב סעדיה גאון

ווען מיר באַטראַכטן היסטאָריש די גייסטיקע אַנטוויקלונג פון אונדזער פאָלק ישראל, פאַר די ערשטע 22 הונדערט יאָר נאָך יציאת מצרים, זעען מיר, אַז 3 לענדער האָבן אַנטייל גענומען אין דער דאָזיקער גייסטיקער אַרבייט: ארץ ישראל, בבל און מצרים.

פאַרגלייכנדיק די 3 לענדער, זייער השפעה, זייער איינפלוס אויף אונדזער פאָלק, — באַמערקן מיר, אַז מצרים האָט פאַר מער ווי 2 טויזנט יאָר, נישט ארויסגעגעבן קיין איין יידישן גאון. ארץ ישראל האָט געשאַפן דעם **תלמוד ירושלמי**; בבל האָט געשאַפן די גרויסע ענציקלאָפעדיע, וואָס רופט זיך **תלמוד בבלי**. ביידע לענדער, ארץ ישראל און בבל האָבן אַרויסגעגעבן תנאים, אמוראים, סבוראים און גאונים. מצרים אָבער האָט ביז דעם 9-טן יאָר-הונדערט נישט אַרויסגעגעבן אפילו איין גאון. אפילו איין גייסטיקן, תלמודישן ריז. צווישן די 2 טויזנט אַנטיילנעמער אין דער שאַפונג פון דער משנה, גמרא און מדרשים געפינען זיך נאָר אַ פּאָר נעמען פון מצרים (חנן המצרי, ר' יוחנן הסנדלר וכו').

וואָס איז די סיבה, וואָס מצרים האָט נישט אַרויסגעגעבן קיין איין גאון ביז דעם 9-טן יאָרהונדערט, ווען סעדיה גאון איז געבוירן געוואָרן? מיט וואָס דערקלערט זיך דאָס? עס זענען דאָך געווען צייטן, פאַר דעם חורבן בית שני, ווען מצרים האָט געהאַט אַ גרויסן יידישן ישוב? די שטאָט אלכסנדריה אַליין האָט געהאַט אַן ערך פון אַ מיליאָן יידן. פילון האלכסנדרוני — ידידיה, קען מען נישט אָנרופן גאון אין דעם זין, ווי דאָס יידישע פאָלק פאַרשטייט דעם באַגריף „גאון". פילון האָט זיך אָפּגעגעבן מערסטנס מיט דער גרי-

כישער קולטור; ער האָט זיך באַמיט אַריינצוטייטשן אין אונדזער תורה די פילאָזאָפישע געדאַנקען פון אַפּלטון און פּיטאַגאָראַס. פילון האָט דערקלערט אַלע פּסוקים פון דער תורה — אַלעגאָריש, נישט ווי דער פּשוטער פּשט איז. הוציא מקרא מידי פשוטו.

הרב מיימון און אַנדערע געלערנטע דערקלערן עס מיט פאָלגענדיקע סיבות: 1) די יידן פון מצרים האָבן נאָך אין דער צייט פון ערשטן חורבן געפּרוּווט איבערצורייסן דעם בונד מיט ארץ ישראל. פון די פּאַפּירוסן, וואָס מען האָט אויסגעגראָבן אין יב, זעט מען, אַז די יידן פון מצרים האָבן אין דער צייט פון גלות-בבל אויפגעבויט אַ בית המקדש פאַר זיך, אַן אייגענעם גייסטיקן צענטער. דאָס דאָזיקע בית המקדש האָט עקזיסטירט 150 יאָר, ביז די גלחים פון יב האָבן עס חרוב געמאַכט. אין די צייטן פון די חשמונאים, האָבן די יידן פון מצרים אויפגעבויט פאַר זיך דעם מקדש חוניו, וואָס האָט זיי געדינט אַלס גייסטיקער צענטער. דער אַנט־לאָפענער כהן, חוניו, ווען אנטיוכוס האָט אַראָפּגעזעצט, האָט געדינט ביי זיי אַלס כוהן גדול.

דורך אָט־דער באַוועגונג פון בויען פאַר זיך אַן אייגן בית המקדש, אַן אייגענעם מרכז רוחני, האָבן די יידן פון מצרים כמעט ווי איבערגעריסן זייער בונד מיט ארץ ישראל און מיט אַלגעמיינעם כלל ישראל. זיי האָבן זיך ווי כמעט אָפּגעפרעמדט פון זייערע ברידער אין הייליקן לאַנד.

אונטער די אומשטענדן פון דערווייטערן זיך, פון אָפּ־געפרעמדקייט פון כלל ישראל, פון מאַכן שבת פאַר זיך, ווי ירבעם בן נבט האָט עס געטאָן אין די צייטן פון שלמה המלך — האָט נישט געקענט אויסוואַקסן קיין יידישער גאון, קיין גרויסע פּערזענלעכקייט, געלערנטער אין יידישע למודים און יהדות.

אַ 2טע סיבה איז געווען: דער תרגום השבעים, די

סעפטואַגינטע, די איבערזעצונג פון דער תורה אין דער גריכישער שפּראַך. די גמרא זאָגט, אַז דער תרגום השבעים איז געגליכן צום חורבן בית המקדש... ווען מען לערנט תנ"ך אין איבערזעצונג, נישט אין מקור, נישט אין אָריגינאַל, זעט עס אויס, ווי מען קושט אַ געליבטע דורך אַ טיכל (ביאַליקס אַן אויסדרוק). יעדעס אות פון דער תורה האָט אַ באַזונדערע באַדייטונג. רבי עקיבא האָט געדרשנט פיל הלכות, אויף יעדן קוצו של יוד, אַ זאַך, וואָס איז אוממעגלעך צו טאָן אין דער איבערזעצונג פון אַן אַנדערער שפּראַך.

פילון האַלכסנדרוני האָט אין גאַנצן געענדערט דעם אינהאַלט פון דער תורה. ער האָט אין יעדן פסוק אריינגעגעבן געדאַנקען פון גריכישע פילאָזאָפן, וואָס זיינען פרעמד דעם יידישן גייסט. פילון הוציא מקרא מידי פשוטו, ער קען נישט גערעכנט ווערן אַלס אַ אמת יידישער גאון. ער איז געווען מער גריכיש, ווי יידיש.

נאָך העכער ווי 2 טויזנט יאָר, איז אין מצרים דערשינען אַ ליכטיקער שטערן, וואָס האָט באַשיינט די יידישע וועלט פאַר אַלע קומענדיקע דורות. אַ גאון וואָס האָט פאַרנומען דעם שטול פון ראש־ישיבה, אין דער היסטאָריש־באַקאַנטער ישיבה פון סורא: רב סעדיה גאון. ער איז געווען אַ גאַנצע ענציקלאָפּעדיע אין איין פּערזאָן: תלמודישער גאון, העברעער, אַראַביסט, פילאָזאָף, אַסטראָנאָם, דער ערשטער מחבר פון אַ העברעישן ווערטערבוך, פון אַ דקדוק עברי. דערצו איז ער געווען אַ קעמפער קעגן אַלע קעגנער פון טראַדיציאָנעלער יידישקייט.

רב סעדיה גאון איז געווען דער וועגווייזער פאַר אַלע נאָכקומענדיקע יידישע דורות און חוקרי תורה. גרויסע פּערזענלעכקייטן פון אַלע צייטן האָבן זיך באַנוצט מיט סעדיה גאונס פאַרשונגען אַלס יסוד פאַר זייערע אייגענע שאַפונגען און חיבורים.

דער אבן־עזרא זאָגט, אַז סעדיה איז דער ערשטער ליקסי־קאָגראַף, דער ערשטער פּאַרשער פון דער העברעיִשער גראַ־מאַטיק, העברעיִשע שרשים. אבן־גנאח און מנחם בן סרוק האָבן זיך באַנוצט מיט זיין טעאָריע. ווען סעדיה איז געווען אַ יונגערמאַן אין די 20ער, האָט ער פאַרפאַסט דעם אגרון אין 2 טיילן. אין ערשטן טייל האָט ער מסדר געווען אַלע העברעיִשע גרונד־ווערטער פון ערשטן אות אין סדר פון אלף־בית. אין צווייטן טייל האָט ער די זעלבע שרשים איינגעטיילט לויט דעם אלף־בית סדר, אָנהויבנדיק פון די לעצטע אותיות. ער האָט עס געטאָן, כדי צו פאַרגרינגערן אונדזערע פּאָעטן צו פאַרפאַסן שירים מיט חרוזים אין העברעיִש, זיי זאָלן זיך קענען פאַרגלייכן מיט די אַראַבישע פּאָעטן פון יענער תקופה.

רבנו־בחיי אין זיין חובת־הלבבות זאָגט וועגן רב סעדיה גאון די פאָלגענדיקע ווערטער: „פאַרשטייט גוט די תורה פון דיין גאָט; אַלס מיטהילף צו פאַרשטיין בעסער די תורה, זאָלסטו זיך באַנוצן מיט די ספרים פון רב סעדיה גאון, ווייל זיינע געדאַנקען באַלייכטן דעם שכל און שאַרפן דעם פאַר־שטאַנד (בסוף ההקדמה).

צווישן די גאונים איז נישט געווען אַזאַ מוטיקער קעמפער פאַר יידישקייט ווי סעדיה גאון. זיין מוט, זיין קוראַזש איז אומפאַרגלייכלעך; ער איז געווען אומדער־שראָקן אפילו ווען זיין לעבן איז געווען אין סכנה. דער תואר „הפטיש החזק״, מיט וועלכן רבי יוחנן בן זכאי איז באַטיטלט געוואָרן, פּאַסט זיך זייער גוט צו רב סעדיה גאון.

יעדער גייסטיקער קאַמף, ווי יעדע גשמיותדיקע מל־חמה, האָט צוויי פאָרמען: אַ מלחמת תנופה, אַן אַטאַקירנ־דיקע מלחמה און אַ מלחמת מגן, אַ באַשיצנדיקע מלחמה. אייניקע גאונים האָבן זיך באַנוגנט מיט באַשיצן אונדזער

תורה געגען די אפיקורסים. רב סעדיה גאון האָט אַטאַקירט
די קעגנער פון אונדזער לעבנס שטייגער, ער האָט באַזיגט
די קראים פון יענער תקופה, וואָס האָבן מבטל געמאַכט
תורה שבעל פה, דעם תלמוד אין גאַנצן, און האָבן דער־
קלערט די דינים פון דער תורה אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן,
ווי עס איז אָנגענומען ביי דעם יידישן פאָלק. ווי רבי יוחנן
בן זכאי, וואָס האָט אַטאַקירט די צדוקים; ווי רבי יהושע
בן חנניא, וואָס האָט געהאַלטן וויכוחים מיט די יוונים און
רומאים, אַזוי האָט ר׳ סעדיה גאון געקעמפט קעגן די קראים
אַ מלחמת תנופה, ביז ער האָט זיי באַזיגט.

## ביז איצט דערשינענע ביכער אין פאַרלאַג „המנורה":

אַנאַ פראַנק — **טאָגבוך פון אַ מיידל.**
ש. פראַנק — **טאָגבוך פון לאָדזשער געטאָ.**
באָריס פּאַסטערנאַק — **דאָקטאָר זשיוואַגאָ, 2 בענד.**
מ. מאַן — **דאָס הויז צווישן דערנער** (18 ישראל־נאָוועלן)
ראָבערט סענט דזשאָן — **הויד בן־גוריון** (לעבנסגעשיכטע פון אַן אומגעוויינ־לעכן מענטש).
מיכאל וויכערט — **זכרונות, 1־טע טייל.**
מיכאל וויכערט — **וואַרשע, זכרונות 2־טע טייל.**
מיכאל וויכערט — **יידישע אַליינהילף.**
מיכאל וויכערט — **מלחמה 1939—1945, זכרונות, 3־טער באַנד.**
מיכאל ווייכרט — **מסילת־חיים ומשעוליה** (העברעיש).
אַודרעי שוואַרץ־באַרט — **דער לעצטער פון די צדיקים.**
שלמה שנהוד — **מיט חלום איבער תהום,** לידער.
לענאַ קיכלער־זילבערמאַן — **מיינע הונדערט קינדער,** מיט אַ פאָרוואָרט רחל ינאית בן־צבי — פרעמירט פון דיאַנאַ־בלומענפעלד־פאָנד.
אבא גאָרדין — **שלמה המלך,** היסטאָרישער ראָמאַן.
אבא גאָרדין — **משה,** זיין לעבן און לערע.
משה וויטיעס — **מסות על ספרות** (עסייען וועגן ליטעראַטור). — העברעיש.
יוסף פּאַפּיערניקאָוו — **פרי גני (פירות פון מיין גאָרטן),** (לידער אין העברעיש).
ד״ר יעקב צינעמאַן — **עמיל זאָלאַ,** אַ לעבן פון אַ שרייבער און קעמפער. (פרעמירט דורך אַדאָלף־ניומאַן פאָנד).
מ. צאַנין — **תל־עולם.** מסע על פני 100 קהילות נחרבות. (העברעיש).
אברהם קריב — **ליטא מכורתי — מיין היימלאַנד ליטע.** (עברית־יידיש). (פרעמירט פון קעסל־פאָנד אין מעקסיקע).
יחזקאל בראַנשטיין — **פון אייגן הויז.** עסייען און שרייבער, וואָס איך האָב געקענט.
יחזקאל בראַנשטיין — **אין פּרדס פון יידיש.** עסייען.
מאיר זימל טקאַטש — **מיין האָב און גאָב.** געזאַמלטע פּערזן. **2־טער באַנד.**
פּיאָטער ראָוויטש — **דם השמים.** פון פראַנצויזיש (העברעיש).

ד״ר ר. בן־שם — **אני והוא.** פסיכולוגיה פרוידיאנית (העברעיש).
רחל אוירבך — **מרד גיטו וארשה** (העברעיש).
דב שילאַנסקי — **מוזלמאַן** (ענגליש).
הרב אברהם העפּטערמאַן — **אַזוי לעבן יידן.** רבנים, ראַבאַיס און סתם־יידן אין אַמעריקאַנער כתרילעווקע.
י. גאָלדקאָרן — **לאָדזשער פּאָרטרעטן.** אומגעקומענע שרייבער.
י. גאָלדקאָרן — **פון וועלט־קוואַל.** קליינע עסייען וועגן גרויסע מענטשן.
א. בוסתן — **חיים ווייצמאַן, לעבן און ווערק** (פּרעמירט פון קעסל־פאָנד).
יעקב זינגער — **דער יונגער דזשייקאָבס,** ראָמאַן.
ד״ר ח. שאָשקעס — **מיט יידן אין ווייטע לענדער.**
ד״ר ח. שאָשקעס — **עולם ומלואו של ר׳ חיים שאָשקעס** (העברעיש).
א. גאָפּלאַט — **געשטויגן און געפלויגן.** ישראל אויף פריילעך.
יוסף זשעמיאַן — **די פּאַפּיראָסן־הענדלער פון פּלאַץ דריי קרייצן.**
ש. ראָזענבערג — **שבתי צבי.** היסטאָרישער ראָמאַן.
בעריש וויינשטיין — **באַשערטע לידער.**
ב. אפשטיין — **בערבות הפאמפה** (העברעיש)
ד״ר י. הרציג — **נדודי במלחמה ויאסלו עירי** (העברעיש)
ספר יזכור — **קוסוב** (הוצולסקי).
ז. בונין — **פון פרילינג ביז האַרבסט.** לידער און פּאָעמען.
מלכה חפץ טוזמאַן — **שאָטנס פון געדענקען.** לידער.
ל. קוסמאַן — **בלעטער רוישן.** לידער.
י. כהן — **אין פלאַם פון דאָרן.** לידער.
י. כהן — **בין השמשות.** לידער.
אפרים קאַגאַנאָווסקי — **די טונקעלע דירה** (מיין קינדהייט).
בערטאַ פעדערבער־זאַלץ — **און די זון האָט געשיינט.**
י. א. גלבוע — **העברעישער ביכער־שאַנק.** 28 געשטאַלטן פון דער היינט־צייטיקער העברעישער ליטעראַטור.
מ. ח. רוטבלאט — **פכים קטנים.** ביקורת ספרותית ובעיות החנוך העברי באמריקה.
מ. צאַנין — **אויף די וועגן פון יידישן גורל.**
י. איידלמאַן — **פון געריכט, פון ראַבינאַט, פון גאַס.** רעפּאָרטאַזשן.
מאַטעס דייטש — **לעצטע לידער.**
י. פּאַפּיערניקאָוו — **מיין שיר־השירים** (צווייטע אויפלאַגע).
מ. ריינעס־מעלצער — **זון דורך וואָלקנס.**
רחל קאָרן — **לידער און ערד — שירים ואדמה** (העברעיש־יידיש)
ל. קוסמן — **דמויות מליטא.** מיידיש: ש. מלצר.
ד״ר עמנואל פּאַט — **האַרץ־קראַנקייטן.**

## **ביכער אין דרוק:**

ש. י. עגנון — **פון דאַנען און פון דאָרטן.** 7 סיפורים און נאָך איינער.
**פנקס סוסנוביץ** (עברית־יידיש).
מ. ש. גשורי — **ירושלים עיר המוסיקה** (העברעיש).
מ. באַלבערישסקי — **שטאַרקער פון אייזן.**
הרב שמעון הובערבאַנד — **על שבר בת־עמי.**
הרב שמעון הובערבאַנד — **אויפן בראָך פון מיין פאָלק.**
י. ד. בערקאָוויטש — **אונדזערע ראשונים** (5 בענדער).
פנקס פלוצק — **עיר ואם בישראל שנכחדה** (עברית יידיש)
י. זילבערבערג־כאַלעוואַ — **מענטש און פאָלק.**
וו. יאַסני — **די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש,** 2טער באַנד.

## **צענטראַלע פאַרשפּרייטונג פאַר דער גאַנצער וועלט פון:**

ש. אַש — **דער נביא.**
מ. צאַנין — **פולער העברעיש-יידישער ווערטערבוך.** (2 בענדער).
מ. צאַנין — **שבתדיקע שמועסן.**
יצחק גרינבוים — **פון מיין דור.**
יהושע שלייען — **איינער האָט זיך געראַטעוועט.**
יצחק פערלאָוו — **מיינע 7 גוטע יאָר.**
לאָרד ראַסעל — **די בייטש פון האַקנקרייץ.**
ז. שניאור — **די משומדתטע.**
**אַלמאַנאַך פון די יידישע שרייבער אין ישראל, 1963.**
יוסף שטשאַווינסקי — **אונטער איין דאַך.** דערציילונגען.
ק. צעטניק — **דאָס הויז פון די ליאַלקעס.**
מ. אפרתי — **יידן פון ליימענע הייזלעך** (2 בענד).